Leivick, H.
Di haseneh in Fernvald : dramatische poeme in elf stsenes.
Nyu-York, 1949.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1913.15

**Leivick, H., 1888-1962.**
Di haseneh in Fernvald : dramatishe poeme in elf stsenes.
Nyu-York : Tsiko, 1949.
186 p. ; 24 cm.

1. Yiddish drama.
I. Weddingin Fernwald. II. United States-New York-New York

ID : NXYH01-B21666 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /29999

Reduction ratio X10.0

ה. לייוויק

# די חתונה אין פערנוואַלד

דראַמאַטישע פּאָעמע אין עלף סצענעס





אַרויסגעגעבן פונעם מחבר
דורכן ציקאָ־פאַרלאַג, 1949

ה. לייוויק

# די חתונה אין פערנוואַלד

דראמאטישע פּאָעמע

# פ ע ר ז אָ נ ע ן

יידן פון דער שארית הפליטה:

אברהם
שרה
יצחק
אַלטער פליט — אליהו הנביא
יונגער פליט — משיח צדקנו
דער אומבאַקאַנטער ייד
שרה די צווייטע
רבקה
רחל
לאה
יצחק דער צווייטער
יעקב
הירש
נחמן
געשטאַלטן פון אומגעקומענע
לאַגער־דאָקטאָר
לאַגער־פּאַרוואַלטער
יידן
אַ דייטשע פאַמיליע
שטורעם־טרופּער

קומט פאָר אין אַ די־פּי לאַגער — אין פערנוואַלד און אַרום — מינכענער ראַיאָן, דייטשלאַנד, אין 1946. צווייטע סצענע — אין 1944.

# ערשטע סצענע

## פּ ר אָ ל אָ ג

### ערשטער פאָרהאַנג

**דיכטער**

באַגלייט פון אַ שטיל־שטיל אני מאמין־געזאַנג:

**אַ מעשה וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אַ לאַגער ביי דער שארית הפליטה אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד. די מעשה האָב איך געהערט פונעם מויל פון אַ די־פּי, אַ לאַגער־כראָניקער. איך טראָג מיך איבער אין רעיון אַהין צו דעם כראָניקער, וועמען די לאַגערניקעס רופן: ד ע ר ר ו א ה. איך בעט אים, אַז ער זאָל נאָך אַמאָל אַרויפגיין אויפן בערגל ביים זייט פון מינכענער שליאַך, אַנטקעגן די בייערישע אַלפּן פון בערכטעסגאַדענער געגנט — און ער זאָל פון דאָרט נאָך אַמאָל לאָזן הערן זיין קול און לאָזן זען זיינע זעאונגען.**

### צווייטער פאָרהאַנג

אַ שמאָלער וועג צווישן בערגלעך אין בייערן. אין הינ־טערגרונט —· די אַלפּן־בערג פון בערכטעסגאַדן. די בערג־לעך — באַזוימטע מיט ביימער — זיינען איינס נידעריקער פונעם צווייטן. זעען אויס ווי טרעפּ. אויפן אויבערשטן בערגל שטייט דער כראָניקער, איינער פון דער שארית הפליטה. אַנטקעגן אונדז.

**כראָניקער:**

**אַ קול פון דער ווייט איז דערגאַנגען צו מיר —**
**אַ קול פונעם דיכטער וואָס רופט מיך רואה.**

זיין קול זאָל באַטייטן פאַר מיר:
זען ווידער וואָס אַנדערע זעען ניט,
אַריינדרינגען טיפער אין מאָרגן אַריין,
פון מאָרגן אויף צוריקזועגס אין היינט אַריין,
און — חידוש — פון היינט גאָר אין נעכטן אַריין;
אַז ווי מיר — אין היטלערשן נעכטן אַריין.
אַ ציטער פאַרגרוילט מיך פון בלויזן געדאַנק.
נאָר טאָן אָבער טו איך עס — אומגערן־גערן.
איך נעם אויף די בענקשאַפט פון דעם
וואָס וואָרט, ערגעץ ווייט דאָרט, אויף מיינע באַשיידענע זעאונגען.
מיין ציטערניש וואַקסט מיט מיין צווייפל וואָס פרעגט:
ווער בין איך דען? ווער? — קוים אַן איינציק־פאַרבליבענער,
אַ בלאַט פון אַ בוים פון אַן איבערגעבראָכענעם.
ווי יעטווידער ייד פון דער שארית הפליטה —
אַ לעצטער. און דאָ, צו מיין לעצטקייט, אַ כראָניקער.

פויזע.

נאָך גוט און נאָך וואויל וואָס אין טרויער אין מיינעם
דערוועקט זיך אין מיר די שטיל־האַרציקע ברכה:
ברוך אתה ד׳ אלקנו מלך העולם
שהחינו וקימנו והגיענו לזמן הזה.
דערלעבט מיט די אייגענע אויגן צו זען
אַן דאָרט, אין דער הויך, אויף די אַלפּישע קעפּ,
די היטלערשע טומאה אין חורבן.

פויזע.

און איצט הער איך ווידער דעם קול פון דער ווייט.
ער זאָגט — איך זאָל אָפּגעהיט זיין, און פאַרשרייבן
ניט מער ווי דעם עיקר — דעם נויטיקסטן עיקר
פון טויט און פון לעבן. און צמצום זאָל זיין אין מיין וואָרט.
ער פרעגט אָבער ניט, צי איז צמצום געווען
אין אונדזערע אַנגסטן, אין אונדזער צעצויגענעם טויט?

**קול:**

פון וואָס רעדט דער רואה?



**כראָניקער:**

פון בענקשאַפט.

**קול:**

פאַרוואָס שטייט דער רואה דערווייטערט פון לאַגער?

**כראָניקער:**

אַוואו כ׳זאָל ניט שטיין אויף דער בלוטיקער ערד —
באַגלייט מיך זי׳ בענקשאַפט.

**קול:**

וואָס איז זי — די בענקשאַפט?

**כראָניקער:**

אַ יעטווידער לאַגער־ייד טראָגט זי אין זיך:
אַוועקגיין צוזאַמען מיט דער שארית הפליטה.

**קול:**

פאַרוואָס טאַקע גייט איר ניט?

**כראָניקער:**

וואוהין?

**קול:**

קיין ארץ־ישראל. אַט זע: מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

**כראָניקער:**

קיין ארץ־ישראל גיין איז אונדזער בענקשאַפט, —
מיין האַנט אָבער — צו קורץ, מיין טראָט — געפּענטעט,
און אַלע וועגן, אַלע גרענעצן פאַרצאַמט.
אַן דאָרט, אין חורבות, ליגט דעם נבוזהס פּאַלאַץ —
און אַט, להבדיל, וואָגלט אַלץ אַרום נאָך.
דורך אַלע לאַגערן פון גאָר דער שארית הפליטה,
אַן איינגעבויגענער, אַן אַלטער פליט, אליהו הנביא,
און זוכט נאָך אַלץ די שפּורן פון משיח.

**קול:**

ער זוכט — וועט ער געפינען.

כראַניקער:

הלוואי. דערווייל איז שוין יאָר ניינצן זעקס און פערציק.
דערווייל איז, ווידער, אַלץ אַרום נאָר אַנגסט
און וואַרטעניש. און וויפל איך פאַרצייכן ניט,
און וויפל איך פאַרשרייב ניט — ווייס איך אַלץ נאָך ניט,
אַ שטייגער, וואָס דער מאָרגן וועט אונדז ברענגען,
און ווען וועט ווערן פריי דער וועג פאַר אונדז קיין ציון.

קול:

דערפאַר ווייס קלאָר דער רואה וואָס דער נעכטן האָט געבראַכט.
דער רואה איז דאָך טיף פאַרזונקען אינעם נעכטן.

כראַניקער:

אַזוינע ווערטער מיינען שפּאָט.

קול:

חלילה, זייער מיין איז קלאָר: וואָס טיפער נאָך
אַריין אין נעכטנס תהום, זיך אָפּטובלען אין אים
אַ צווייטן מאָל, אַ דריטן מאָל, אַ פערטן מאָל,
כדי צו ווערן ראוי פאַרן מאָרגן.

כראַניקער:

מיין עלטער־עלטער זיידע נתן נטע האַנאָווער
באַמערקט מיט תמימות אין זיין ספרל „יון מצולה“,
אַז כדי דעם מענטשן־מין ניט צו פאַרשעמען
פאַרצייכנט ער ניט אַ ל ץ, וואָס ער האָט צוגעזען
אין טעג פון בלוטיקן כמעלניצקי, ימח שמו;
און איך — זיין אָרעמער, זיין לעצטער אייניקל —
איך טראַכט אַז היינט, פאַרקערט, וואָלט מען באַדאַרפט
דערציילן אַלץ, אַלץ, אַלץ, — כדי דעם מענטש
אויף אַלע אייביקייטן צו פאַרשעמען, אַז ער זאָל
שוין איין מאָל אויפהערן פאַר אַלע מאָל צו ליגנערן
מיט זיינע שיינע ווערטער „צוקונפט“, „מאָרגן“;
ווייל וואָס איז „מאָרגן“ אויב ניט אָפּגענאַרעריי,
באַשווינדלונג, פעלשונג און פאַרראַט צום נעכטן.



פאַרגעסונג — דאָס איז דער כלי־זין פונעם מאָרגן,
אַ מיאוסער כלי־זין. צוקונפט — אַ פאַרשטעלטע חיה,
וואָס זויגט אַרויס דאָס בלוט פון דער פאַרגאַנגענהייט.
זי עסט זיך אָן, די צוקונפט, איבערזאָט מיט מאָרדן, ווי אַ נאַצי־דייטש,
און ווישט זיך אָפּ די ליפּן, פאַרבט זיך אָן די באַקן,
און גלאַנצט אַרויס, ווי פון אַ שפּיגל־תהום אַרויס,
אַ צנועה כלומרשט — אַ פאַרגלאַצטע פרומע קאַץ.
יאָ, יאָ, אַזאַ איז זי די צוקונפט, ווי דער מענטשן־מין פון היינט
פאַרטראַכט זי און פאַרחלומט זי אין זיין באַגער.
ווייל — הער, מיין האַרץ, פאַרנעם אויך דו, מיין ווייטער פריינט:
געבויט האָט קרעמאַטאָריעס — ווער? דער נאַצי;
אין גאַז־קאַמער געוואָרגן קינדער — ווער? דער דייטש;
און ווער איז דייטש? און ווער איז נאַצי? — מענטשן־מין.
איז, הייסט דאָך עס, אַז מענטש האָט עס געטאָן.
און וויי! — צום מענטשן־מין געהערט דאָך אויך דער קרבן!
איצט הער, מיין האַרץ, — וואו זאָל איך נעמען אַזאַ כוח
דעם מענטשן־מין אויף אַלע אייביקייטן צו פאַרשעמען? —
צי וועט ניט אין דער טומאה פונעם מערדערס רשעות
דערטרונקען ווערן אויך די קדושה פונעם קרבן? — — —
אַ גיב מיר, גיב מיר כוח, גאָט געטרייער,
אַנשטאָט צו גריבלען זיך אין חושך פונעם רשעס טומאה,
צו אויפגיין אינעם ליכט פון אונדזערע יסורים.

אָפּ. באַווייזט זיך צוריק אויפן בערגל נידעריקער. פּנים געענדערט. אַנגסטיקער.

אין שפּאַן אַרונטער — און איך בין צוריק אין גיהנום,
אין געטאָ און אין אומקום־לאַגערן, איך בין צוריק
אין יאָר פון ניינצן הונדערט פיר און פערציק.
מיליאָנען זע איך ווערן אומגעבראַכט, פאַרברענט,
און אין דער זעלבער רגע זע איך אויף פאַראויס
אַ רעשטל יידן גרייטן־צו אַ חופה —
אָן ערשטע חופה אין אַ לאַגער פון די־פּי.
איך מוז דעם טויט פון אַ פאַרברענטן ייד
צוזאַמענבינדן מיט דער שמחה פון אַ חתונה,

**אַ חופּה שטעלן אויף אַ קרעמאַטאָריע.**
**איז — ווי זאָל איך עס טאָן? און — ווי פאַרצייכענען?**

קאָרטשעט זיך איין.

**לצערי האָב איך נאָך, דערצו, געהערט**
**ווי איינער אַ בעל־נאמן האָט דערציילט**
**אַז ער אַליין, משיח צדקנו, איז אויף טויט**
**געגאַנגען צו דער קרעמאַטאָריע. — מוז משיח דאָך אַליין**
**אויפסניי זיך אויפוועקן און אויפשטיין.**
**אַז ניט — ווי קאָן איך ז י י ן טויט פאָרן זיך מיט חופּה,**
**מיט קלעזמער און מיט טענץ? — און איך, ווער בין איך,**
**אַז מיר זאָל אַזאַ וואונדער־סוד אַנטפּלעקט ווערן?**

ער לאָזט זיך אַרונטער צום דריטן בערגל. געוואָרן טונקל. נאַכט. ס׳דערהערן זיך טריט פון אַ מחנה שנעל־מאַרשי־רער. באַפעלערישע רציחה־אויסרוף: „יודע, שנעלער, שטאַרבן שנעלער!" געפייף פון קנוטן. שנעל אָפּ. כראָ־ניקער לויפט האַסטיק אַרונטער פונעם בערגל צום גלייכן וועג, שלאָגט זיך אָפּ אָן עפּעס וואָס ליגט אין דער ברייט פונעם וועג. ער בייגט זיך איין, באַטראַכט און רעדט אַרויס דערשראָקן:

**עמיצער ליגט דאָ.**

באַטראַכט גענויער און שרייט אויס:

**אַ מת! — איך בין צוריק אין קלעם פון טויט!**
**איך קען ניט מער!**

אָפּ אין גרויס פּחד. אַ לאַנגע פּויזע. פון דער וואַלד־זייט קומט אָן דער אַלטער פּלִיט, אליהו הנביא, מיט אַ שטעקן אין האַנט. געבויגן, פאַרשטויבט. זיין גאַנץ וועזן איז פאַר־שלונגען אין שטיל־שטיל זינגען „אני מאמין". ער שטויסט זיך אָן אָן דעם גוף אויף דער ערד. בלייבט שטיין. באַקוקט, נייגנדיק זיך אַרונטער.



**אַלטער פּליט**

רואיק:

**קיין חידוש ניט צו זען אַ מת אין רצח־לאַנד.**

מת — אַן אומבאַקאַנטער ייד—עפנט די ליפּן, רעדט דייטלעך.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**ניט מת, נאָר הרוג. אליהו הנביא**
**באַדאַרף ניט מאַכן אַזאַ טעות.**

**אַלטער פּליט:**

**מת קדוש!**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**אָן פּחד! אַז דיין צוקומען צו מיר האָט מיך**
**פון טויט־שלאָף אויפגעוועקט — באַדאַרף עס דאָך**
**אַ שמחה זיין פאַר דיר.**

**אַלטער פּליט**

באַטראַכט לאַנג דעם פּנים פונעם מת:

**איך זוך אָן אַנדערן.**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**צי בין איך ערגער פון דיין אַנדערן?**

**אַלטער פּליט:**

**מת קדוש, ליג בשלום אין דיין רו.**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**בשלום? רו? — וואו איז זי דען מיין רו?**
**צי בין איך דען געקומען ווען צו קבר־ישראל?**
**פאַרוואָס זאָל איך ניט אויפשטיין?**

**אַלטער פּליט:**

**נאָך ניט די צייט.**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

פאַר ווען ניט די צייט?
פאַר אַלעמען?

**אַלטער פּלים:**

אחוץ פאַר אײנעם.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

דער אײנער — ווער?

**אַלטער פּלים:**

משיח צדקנו.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

פאַרוואָס זאָל איך ניט זיין דער אײנער?

**אַלטער פּלים:**

דער מת איז ניט משיח צדקנו.
ווי רופט מען דעם מת קדוש?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

כ׳ווייס ניט.

**אַלטער פּלים:**

וואָס הייסט? — אַ ייד דאַרף וויסן.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

פאַרגעסן.

**אַלטער פּלים:**

און וואָס געדענקט ער יאָ?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

קיין זאַך ניט. אַלץ פאַרגעסן.

**אַלטער פּלים:**

צי ווייס ניט דער מת קדוש אַז מיר זיינען איצט
אויף היטלערס ערד, וואו ער. דער גבוה־האַר, געוועלטיקט נאָך?



**אומבאַקאַנטער ייד:**

מיט אַ שאַרף געלעכטער:

צי קען מען אַ דערמאָרדעטן דערמאָרדן נאָך אַמאָל?

כאַפּט אַרום מיט די הענט דעם אַלטנס פּיס.

**אַלטער פּלים:**

אַוועקנעמען די הענט —

**אומבאַקאַנטער ייד:**

איך וועל ניט.

**אַלטער פּלים:**

איך קאָן ניט שטיין דאָ מער. איך אייל.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

וואוהין?

**אַלטער פּלים:**

ס׳איז פּסח היינט. די ערשטע סדר־נאַכט.
און וואו עס לעבט אַ ידיש הויז נאָך — רופט עס מיך
איך זאָל אַריינקומען צו שפך חמתך. צי געדענקט
דער מת קדוש נאָך וואָס פּסח איז?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

איך וויל דערמאָנען זיך — דערמאָנען זיך —
אַ יידיש הויז — האָסטו געזאָגט? — אַ וואָרט — אַוואו?

**אַלטער פּלים:**

ניט ווייט פון דאַנען. פאַראַיאָרן אין דער צייט
איז דאָ ניט ווייט געווען אַ יידיש הויז. —
אברהם, שרה און אַ יינגל יצחק האָבן דאָרט געוואוינט.

**אומבאַקאַנטער ייד**

צעלאַכט זיך:

האָסט איצט געזאָגט עפּעס — אַזאַ מין נאָמען —
זאָג נאָך אַמאָל — זאָג נאָך אַמאָל —

**אלטער פליט:**

אברהם — שרה — יצחק —

**אומבאקאנטער ייד:**

אוי עפעס־וואס דערמאנט זיך מיר — א קלאנג ווי שרה,
ווארט, ווארט. — אוי, ווידער שוין פארגעסן —

האלטנדיק זיך אן דעם אלטנס קני וויל ער זיך הייבן.

**אלטער פליט:**

בעל כרחו טאר א מת ניט אויפשטיין.

**אומבאקאנטער ייד:**

א מת אן קבורה מעג.

כאפט זיך אן פעסט אן דעם אלטנס קני, שטעלט זיך אויף. א הויכער ייד מיט א האלב אויסגעפליקטער רויטער בארד. איין אויג — אויסגערונען. די זעלבע זייט פון זיין פנים אין גאנצן פארלאשן. די צווייטע זייט — ליכטיק־ווייס. דער אלטער פליט וויל זיך ארויסבאפרייען און קען ניט.

איצט זעסטו שוין — כ'בין אויפגעשטאנען.
וואס ארט מיך צייט? — איך פייף אויף צייט.

באפרייט זיך פונעם אלטן. נעמט גיין אליין.

איך דארף ניט מער דיין הילף. איך דארף ניט.
און הערסט? ניט וואגן מיך צו רופן מת.
ווייל כל־זמן איך בין ניט אין קבר
איז פריי פאר מיר די גאנצע וועלט.

**אלטער פליט:**

וויי, וויי — פארלוירן מיין רשות.

**אומבאקאנטער ייד:**

צי וואלסטו וועלן איך זאל ליגן, וואלגערן זיך
אזוי אן קבורה, אפן אפגעדעקט?
אז רעגן זאל מיך שמייסן,
אז הינט זאלן מיך רייסן,



אז ווינטן זאלן מיך שטיקן,
אז ראבן זאלן מיך פליקן —
הא?

**אלטער פליט**

צו זיך אליין:

און אפשר דארף ער עפעס וואס מתקן זיין —

**אומבאקאנטער ייד:**

אוודאי דארף איך וואס מתקן זיין.
מתקן זיין מיין קבורה. יא — מיין קבורה.
באקומען מיינע ידישע פיר איילן —
און זיין מיט לייטן גלייך אויף יענער וועלט.
כ'דערמאן מיך עפעס יא — כ'דערמאן מיך.
דער דייטש האט מיך אויף טויט דערשלאגן מיט א קנוט.
אויף שטיין און זאמד פונאנדערגעשפריצט מיין בלוט.
א קארשון האט מיר אויסגעפיקט אן אויג.
און דורכגעלעכערט מיר א ריפ,
און העלפט אויף העלפט צעשפאלטן מיר א ליפ;
דער טויט אין מיר איז אבער אלץ נאך ניט אריין,
און איך אין טויט בין אויך נאך ניט אריין. —
באדארף איך אים, דעם טויט, מתקן זיין, מתקן זיין.

שפאנט אוועק צו דער גאפונג פונעם אלטן פליט.



## צווייטע סצענע

אין די טעג פון היטלער. אין אַ שטיבל ניט ווייט פון דאַכאַו, ביי אַ זוים פון אַ וואַלד. אַלטמאָדיש־יידיש. באַלעבאַטיש צוגעקליבן. אַ גרויסער זייגער הענגט אויף דער וואַנט מיט אַ לאַנגן פּערפּענדיקל. טיש איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן טישטוך. לייכטער אויפן טיש, אָבער ליכט נאָר איינס אין איין לייכטער. מצות אויבנאָן פון טיש. ערב פּסח. איין טיר צו אַ צווייטן צימער, נאָך אַ טיר פירט צום דרויסן. דורך די פענצטער זעען זיךביימער. אברהם, אַ יאָר פינף און דרייסיק אַלט, מיט אַ שוואַרצער באָרד און וואָנצעס. ער שטייט ביים טיר פון צווייטן צימער. פון דאָרט קומט אַרויס שרה. אין די זעלבע יאָרן. טרויער אויף איר שיין פּנים. פון אירע אויגן רינען טרערן.

**אברהם:**

גענוג צו וויינען, שרה מיין ווייב.

**שרה:**

אַז יצחקל ליגט אַזאַ צעוואונדיקטער.

**אברהם:**

מיר האָבן אַ דערבאַרעמדיקן גאָט אין הימל.

**שרה:**

צי איז ער טאַקע אַ דערבאַרעמדיקער, אברהם?

פאַרברעכט מיט די הענט.

**אברהם:**

אַז ווײ ווי דו רעדסט —

**שרה:**

דער צער רעדט אין מיר.

**אברהם:**

ציט ליכט בענטשן. צום סדר גרייטן זיך.

**שרה:**

עס הייבן מיר זיך ניט די הענט, אברהם.

**אברהם:**

דער ערשטער סדר היינט, שרה. דו זינדיקסט —

**שרה:**

בין איך נאָך, הייסט עס, די זינדיקע? יצחקלען האָבן די רוצחים צעפּייניקט — און איך בין נאָך די זינדיקע? ניט קיין שלעכטער חשבון, אברהם.

**אברהם:**

מיר זײַנען פון די איינציקע ייִדן אין דער געגנט וואָס לעבן נאָך: אין אונדזער אייגן שטיבל זיצן מיר. לאָמיר דאַנקען דעם רבונו של עולם פאַר יעדער שעה לעבן וואָס ער שענקט אונדז.

**שרה:**

ווי לאַנג נאָך, מיינסטו, וועלן זיי אונדז צו רו לאָזן, אברהם?

**אברהם:**

אַזוי לאַנג ווי גאָט ברוך הוא וועט וועלן. יצחקל איז טאַקע צעוואונדיקט, אָבער ער איז דאָך, גאָט צו דאַנקען, מיט אונדז.

**שרה:**

אפשר זאָלן מיר גאָר זאָגן אַ דאַנק די רוצחים וואָס זיי האָבן יצחקלען נאָר האַלב צעפּייניקט — ניט אויף טויט? אפשר זאָלן מיר זיך אַנטשולדיקן פאַר זיי וואָס יצחקל האָט זיך על־פּי־נס אַרויסגעדרייט פון זייערע הענט און אַנטלאָפן? באמונות, אַזאַ עוולה פון אַ קינד— ניט וועלן גיין אין גאַז־קאַמער אַרײַן —

**אברהם:**

צי רעדסטו אַזוי, ווייל דו ווילסט מיר ווײ טאָן, שרה?

**שרה:**

דאָס קינד, איך זאָג דיר, איז פאַרביי.



אברהם קוקט אַריין אין צווייטן צימער וואו ס'ליגט יצחקל. שרה קוקט אויך, וויל אַריינגיין אַהין, אברהם לאָזט ניט.

**אברהם:**

גיי ניט. ער שלאָפט. ער קומט צו זיך.

**שרה:**

דו ווילסט מיך גלאָט אַזוי טרייסטן. —

מיט טיפער אַנגסט:

ווי אַזוי איז עס געשען, אַז ביידע האָבן מיר יצחקלען ניט אויסגעהיט פון אומגליק? ווי אַזוי?

**אברהם:**

מ י ר האָבן ניט אויסגעהיט? מיר?

**שרה:**

יאָ, אברהם. נעם זיך עס גוט אַריין אין האַרצן.

**אברהם:**

ווי קאָנען מיר וועמען אויסהיטן? ווי קאָנען מיר? צי ווענדט זיך עס אָן אונדז?

**שרה:**

דו מאַכסט זיך ס'האַרץ אַ ביסל צו לייכט, אברהם, צו לייכט.

**אברהם:**

צי ווילסטו מיך שטעלן צו נסיונות, שרה? ווי קומען צו דיר אַזוינע רייד?

**שרה:**

די נסיונות קומען אַליין, אברהם. זיי קומען אַליין.

**אברהם**

טיף געערגערט:

וואָס איז מיט דיר היינט? ס'קומט דאָך אויס, ווי דו וואָלסט מיך געהאַלטן שולדיק פאַר יצחקלען. וואָס רעדסטו פאַרא רייד? ווער בין איך דען אַזוינס? איך בין אַ פּשוטער אברהם; אַ ייִד אין סכנה. ווי אַלע ייִדן. ניט מער. צי קען איך טאָן עפּעס און טו ניט? — צי איך קען עפּעס פאַרמיידן, אָדער ענדערן? — מיר דאַרפן גרייט

זיין. דאָס אַלץ. זיינען מיר גרייט. אָבער דעם סדר פּראָוועָן דאַרפֿן מיר. כמנהגו.

אַף אין צווייטן צימער, קומט גלייך אַרויס צוריק.

דאָס קינד שלאָפט גוט און רואיק. — פאַרליר ניט ס׳גלויבן, שרה. האָב בטחון. צינד אָן די ליכט.

**שרה:**

אײנגאַנצן נאָר איין ליכט. מער ניטאָ. נאָך צו פרי אָנצוצינדן.

**אברהם:**

מצות אַ פּאָר האָבן מיר, און אַ פלעשל ווײן — אויך. אַ נס טאַקע ווי מיר האָבן עס געקראָגן. אַ נס. ווּעסט בענטשן ליכט, וועל איך זיך שטעלן דאַוונען.

**שרה**

קוקט אַריין צום קינד:

מיין זון, מיין יצחקל, מיין איינציקער, מיין טייערער. — אברהם, זע — דאָס קינד איז אויף, סע שפּילט זיך מיטן ציגעלע און מיטן קעצעלע. דאָס קינד רופט אונדז.

גייען ביידע אַריין צום קינד. קומען אַרויס צוריק מיט יצחקלען אויף די הענט. אַ ייִנגעלע פון אַ יאָר פיר. זיין קעפּל באַנדאַזשירט. אויך די פיס. זיי זעצן אים אַוועק ביים טיש אויף אַ שטול אויסגעבעט מיט אַ קישן. זיי ברענגען אויך אַריין זיינע שפּילצייג: אַ קעצעלע, אַ ציגעלע און אַ הינטעלע. לייגן עס לעבן אים.

**אברהם:**

וועסט זיין מיט אונדז ביים סדר, יצחקל.

**יצחק:**

די מאַמעלע יועט אָנצינדן ליכט —

**שרה:**

אַ ביסל שפּעטער, מיין קינד.



**יצחק:**

די פענצטער פאַרהענגען — מען זאָל פון דרויסן ניט זען אַז ס׳איז ליכטיק ביי אונדז.

**שרה:**

אַוודאי, יצחקל.

צו אברהמען:

אַ חכם אַ קינד. אַלץ ווייס עס.

**יצחק:**

האָסט מיר דערציילט וועגן אליהו הנביא אַז ער דאַרף אַריינקומען. ער וועט דאָך טרעפן אַפילו ווען ס׳איז פינצטער.

**אברהם:**

ער וועט געוויס קומען, זונעלע.

**יצחק:**

ס׳איז מיר שוין אַ סך בעסער. ס׳טוט שוין ניט אַזוי וויי.

שטרעקט אויס זיינע הענט צום זייגער אויף דער וואַנט.

זע מאַמעלע, דער זייגער רעדט צו מיר. כ׳האָב ליב צו הערן ווי דער זייגער רעדט. און אָט טאַנצט אַרום אַ פייערדיק פערדל איבערן שטוב; זע.

**אברהם:**

דיר דוכט זיך עס, מיין זון.

**יצחק:**

ניין, מיר דוכט זיך ניט.

פלוצלונג מיט אַן אויסגעשריי:

כ׳האָב מורא!

**שרה**

צו אברהמען:

דאָס קינד האָט היץ.

צום קינד:

**באַרואיק זיך, מיין טייערער, האָב ניט מורא.**

**יצחק**

באַרואיקטער, נעמט די שפּילצייג אין די הענט, באַטראַכט זיי, לאָזט זיי אַרויס פון די הענט מיט אַ געוויין:

**זיי לעבן ניט. זיי זיינען קאַלט. די דייטשן האָבן זיי דערהרגעט. — פאַרוואָס שווייגט דער זייגער?**

דער זייגער נעמט גראָד קלינגען.

**שרה:**

**דער זייגער קלינגט דאָך, יצחקל.**

**יצחק:**

**ער לעבט?**

**שרה:**

**אוודאי לעבט ער.**

**יצחק:**

**און ס'ציגעלע? און ס'הינטעלע? און ס'קעצעלע?**

**אברהם:**

**זיי לעבן אויך, מיין קינד.**

**יצחק:**

**זיי זיינען ניט קיין דייטשן?**

**שרה:**

**ניין, מיין קינד. זיי זיינען דיינע אמתע פריינד. און אויך אַזוי דער זייגער — אונדזער אַלטער גוטער זייגער.**

פון דרויסן דערהערט זיך אַ גערויש, אַ געפּייף.

**אברהם**

מיט גרויל:

**שרה!**



**שרה**

מיט געפּליסטער:

**באַהאַלטן ס'קינד —**

**אברהם:**

**כ'וועל אַרויס אַ קוק טאָן.**

אָפּ.

**יצחק:**

**כ'האָב ניט מורא, מאַמעלע.**

**שרה:**

**אַ לעבן אויף דיר. זיי רואיק. נאָר עטלעכע רגעס. כ'מוז אַליין גיין אַ קוק טאָן.**

דרויסן ווערט שטיל.

**זיי רואיק, קינד, זיי רואיק. איך בין דאָ אין טיר.**

גייט אַרויס איבערן שוועל.

**זייגער:**

**די דייטשן קומען.**

**ציגעלע:**

**שרעק אונדז ניט, זייגער.**

**זייגער:**

**זיי קומען.**

**הינטל:**

**שווייג, זייגער.**

**זייגער:**

**זיי קומען.**

**ציגעלע:**

**כ'וועל דיך ניט פאַרלאָזן, יצחקל.**

**הינטל:**

איך אויך ניט.

**קעצל:**

איך אויך ניט.

**זייגער:**

זיי קומען.

**ציגעלע:**

כ׳וועל דיך שיצן. איך שווער זיך.

**הינטל:**

איך שווער זיך אויך.

**קעצל:**

איך אויך.

**ציגעלע:**

מיר זיינען אַלע געטרייע פריינד.

**קעצל:**

מיר האָבן איינע די אַנדערע ליב.

**הינטל:**

מיר וועלן איינע די אַנדערע שיצן.

**זייגער:**

זיי קומען.

**יצחק:**

מאַמע!

שרה און אברהם קומען אַריין, פאַררי.גלען פעסט די טיר.

**אברהם:**

ניט שרעק זיך, יצחקל.



**שרה:**

ס׳האָט זיך נאָר געדוכט.

**יצחק:**

און אַז זיי וועלן קומען, וועסטו זיין מיט מיר, מאַמעלע?

**שרה:**

יצחקל, וואָס פאַלט דיר איין?

**יצחק:**

און דו, טאַטעלע?

**אברהם:**

געוויס, מיין קינד, געוויס. וואָס רעדסטו?

**יצחק:**

און אַז זיי וועלן מיך אַוועקנעמען וועט איר גיין מיט מיר?

**שרה:**

טייערער מיינער — יצחקל מיינער — מירן זיין מיט דיר — ווי דען?

**יצחק:**

שווער זיך, טאַטעלע.

**אברהם:**

וואָס רעדסטו, קינד מיינס? וואָס עפּעס שווערן זיך?

**יצחק:**

דאָס ציגעלע, דאָס הינטעלע און דאָס קעצעלע האָבן זיך גע־שוואוירן.

אברהם און שרה קוקן זיך איבער.

**שרה:**

אַ טאַטע, זונעלע, דאַרף זיך ניט שווערן.

**יצחק**

אין גרויס געוויין:

כ'האָב מורא. שווער זיך.

**אברהם:**

נו, אוודאי שווער איך זיך, יצחקל, אַבי וויין ניט, וויין ניט. מירן אַלע מאָל זיין מיט דיר. אַלע מאָל.

שווערע קלעפּ אין טיר און דייטשע זידלערייען.

**שטורעם־טרופּער קולות:**

עפן, יודע, עפן.

**אברהם:**

נעם ס'קינד אַהין.

**שרה:**

וואָס וועט העלפן?

**אברהם:**

כ'ווייס ניט. נעם דאָס קינד אַהין. מען מוז עפענען.

שרה כאַפּט יצחקן אויף די הענט, אײַלט אַריין אין צווייטן צימער. אברהם עפנט. עס טופּען אַריין אַ מחנה שטורעם־טרופּער און אַ דייטשע פאַמיליע: פאָן פריטץ וואַגנער, זיין ווייב גרעטכען און זייער טאָכטער ברונהילדע.

**טרופּער־אָנפירער**

שלאָגט אַברהמען איבערן פּנים:

ווי וואַגסטו, יודע, ניט צו עפענען גלייך די טיר? — ווער איז דאָ נאָך מיט דיר?

**אברהם:**

אונדזער קינד איז קראַנק —



**טרופּער:**

אַזוי? קראַנק? מירן דיר אים געזונט מאַכן —

עטלעכע טרופּער לאָזן זיך אין צווייטן צימער אַריין. אברהם רייסט זיך אַהין. די אַנדערע האַלטן אים.

שטיי דאָ.

**אברהם:**

איך וויל זיין מיט מיין ווייב און קינד.

**טרופּער:**

וועסט זיין, וועסט זיין. שפּעטער. דערווייל וועלן מיר דיך נעמען קיין דאַכאַו אויף אַרבעט.

**אברהם:**

און מיין ווייב און קינד?

**טרופּער:**

זיי וועלן אויך גיין קיין דאַכאַו, אָבער אויף עפּעס אַנדערש.

**אברהם:**

איך וויל גיין מיט זיי —

**טרופּער:**

דו לייגסט. דו ווילסט עס ניט.

פון צווייטן צימער הערן זיך יצחקס געשרייען. אברהם רייסט זיך אַהין. טרופּער האַלטן אים.

דאָ זיי, שווין.

צו די דייטשן:

אַלץ וואָס איז דאָ איז אייערס. אייער שטוב פון היינט אָן. מאַכט זיך היימיש.

**דייטש:**

דאַנקע שיין.

**דייטשקע:**

**דאַנקע, דאַנקע.**

**טרופּער**

צו אברהמען:

**טו אויס די קליידער פון זיך, אויך די שיך. שטעל זיך אויף!**

צו די דייטשן:

**וועט אייך צונוץ קומען — ניט וואָר?**

**דייטש:**

**יאַוואָל.**

**אברהם:**

**ווײ, ווײ, איר זייט דאָך אונדזערע שכנים, אונדזערע נאָענטע שכנים!**

**דייטש:**

**מיר קענען דיך ניט, יודע.**

**טרופּער**

צום דייטש:

**נעמט אַראָפּ פון זיי אַלץ. ס'איז אייערס.**

דייטש שלעפּט פון אברהמען דעם אויבערראָק און די שיך. אַנדערע טרופּער טראָגן אַרויס פונעם צווייטן צימער שרהס קליידער און שיך, גיבן עס צו די פרויען.

**פרויען:**

**העכסטן דאַנק, העכסטן דאַנק.**

**טרופּער:**

**פירט אַרויס די יודין מיטן קינד.**

טרופּער טראָגן אַרויס יצחקן. שרה האַרוועס, האַלב נאַקעט, לויפט נאָך. אַפּ. אברהם טוט זיך אַ ריס נאָך זיי, ווערט פאַרהאַלטן.

**דו וועסט גיין אַן אַנדער וועג.**



**אברהם:**

**איך מוז גיין מיט זיי.**

**טרופּער:**

**דו מוזט ניט. זאָג אַ דאַנק וואָס איך שיק דיך ניט דערווייל אַהין, וואוהין איך שיק ווייבער און קינדער. זאָג אַ דאַנק, דו יודע שוויין.**

אברהם ראַנגלט זיך. די דייטשן קלאַמערן אים צונויף. עלטסטער הייסט אים אַרויספירן. מען פירט אים אַרויס אונטערן געהילך פון חוזק־געלעכטערס. עלטסטער צו דער פאַמיליע דייטשן:

**אַזוינע יודן־ליגנער. אַלע מאַכן זיי זיך כלומרשט פאַר בראַווע אַז זיי ווילן טיילן דעם גורל פון ווייב און קינד. מאַכן אַנשטעל פון געטריישאַפט. כ'האָב ליב צו קוקן ווי זיי דרייען מיט די עקן, און ווי נאָר זיי בלייבן איבער אַליין לאָזן זיי אַרונטער די עקן פון גרויס נחת וואָס זיי זיינען דערווייל לעבן געבליבן. ס'אַמוזירט מיך. איך מיין אַז אויך אייך, מיינע פריינד. —**

**דייטש:**

**יאַוואָל.**

**טרופּער:**

**כ'האָב נאָך ניט געזען אַז ווער פון זיי, ווען כ'נעם אים צו פון ווייב און קינד און פיר אים אַוועק אין אַן אַרבעטס־לאַגער, זאָל אויף מאָרגן באַגיין זעלבסטמאָרד פון צער און בענקעניש. ווען צער? ווען בענקעניש? — זיי פאַרמאָגן עס ניט. זיי זיינען איינגעביסן אין לעבן מיט ציין און נעגל ווי הינט אין שטיקער פלייש. ניטאָ קיין שיעור צו זייער לעבנסהונגער. ווי פּיאַווקעס זייגן זיי זיך אַריין אין לעבן. פוי! — גוטן אָוונט.**

**אַפּ.**

**דייטש:**

**צי פּאַסט מיר גוט דעם יודנס ראָק, מיין ליבכען, מיין גרעטכען?**

**דײטשקע:**

אויסגעצייכנט. און מיר — דער יודינס בלוזע, מײַן שאַץ?

**פריילן:**

פֿאַרטרעפלעך, מוטערכען. און מיר די שיך?

**דײטשקע:**

וואונדערלעך, ברונהילדע, מײַן זיס קינדכען.

צום מאַן:

אַ פֿײַן שטובכען.

**דײטש:**

יאַוואָל, מײַן ליבכען. אַלץ איז איצט אונדזערס. זעט — ווײַן אויפֿן טיש און מצות, און ליכט.

**דײטשקע:**

זייער פסח הײַנט.

**פריילן:**

ווײַס דער טיש געדעקט פֿאַר אונדז.

**דײטש:**

יאַוואָל, פֿאַר אונדז. כ'בין טאַקע הונגעריק. מיר האָבן נאָך דערצו אויך אייגענעם ווײַן, און ברויט און שינקע. וועלן מיר עסן און טרינקען. זעצט זיך צום טיש, מײַנע טײַערע, מירן אָנצינדן דאָס ליכט.

צינדן אָן ס'ליכט. לייגן אַרויס אויפֿן טיש ברויט און שינקע און נאָך אַ פֿלאַש ווײַן פֿון אַ זעקל וואָס זיי האָבן מיטגע־בראַכט. זעצן זיך אַרום טיש. נעמען עסן, טרינקען.

**פריילן**

אין מיטן טרינקען ווערט זי דורכגענומען מיטאַמאָל מיט פּחד:

דער זייגער קריכט אַראָפּ פֿון דער וואַנט! דער זייגער!



**דײטש:**

דיר דוכט זיך עס, קינדכען.

**פריילן:**

כ'האָב אַליין געזען. —

**דײטש:**

אָן פֿאַרכט, מײַן הימלכען. אָן פֿאַרכט. לאָמיר ווײַטער טרינקען. און דו, מײַן זיסכען, נעם נאָך אַ שטיקל שינקע. טרינק נאָך אַ גלעזל ווײַן. דו געטלעך ווײַן מײַן. די יודן זײַנען טויט אויף אײביק, ליבכען. זיי ליגן הינטערן פּלויט פֿון אונדזער שטובכען.

**דײטשקע:**

אונדזער שטובכען, אונדזער, אונדזער.

טרינקען, שלאָפֿן אײַן מיט די קעפּ צוגענויגט צום טיש.

**ציגעלע**

קלאָגט:

ניטאָ יצחקל, ניטאָ.

**זייגער:**

לאָמיר אַלע קלאָגן.

**קעצל:**

זיי שטיל, פֿאַרדאַמטער יודע־זייגער דו.

**ציגעלע:**

אוי ווײ! וואָס זײַנען עס פֿאַר אַ רייד?

**קעצל:**

אויך דו מאַך צו דײַן פֿאַרשמאַדערטן פּיסק. ווער ביסטו דען אַזוינס?

**ציגעלע:**

דו קענסט מיך ניט?

**חינטל:**

**ווער קען דיך? ווער דאַרף דיך קענען?**

**ציגעלע:**

**אוי, וויי — אויך דו? אַ פריינד זאָל אַזוי רײדן?**

**חינטל:**

**וואָס פאַר אַ פריינד בין איך דיר, פאַרדריפּעטע יודן־מעקע וואָס דו ביסט? כ׳האָב דיך פיינט. איך האָס דיך. כ׳וועל דיך אויף שטיקער צערייסן.**

צום קעצל:

**און דו, לויזיקע מיאַוקע, קריך מיר ניט אין וועג אַריין.**

**קעצל:**

**ס׳ציגעלע איז מיינס, מיינס. איך דאַרף עס אויפעסן. איך.**

**חינטל:**

**וועל איך אייך בײדן צוזאַמען אויפפרעסן.**

**קעצל:**

**כ׳וועל דיר אויסדראַפּען דיינע בײדע הינטישע אויגן.**

**ציגעלע:**

**אוי וויי! אוי וויי!**

קעצל שלײדערט זיך אויפן ציגעלע, הינטל — אויף זיי בײדן.

**זייגער:**

**איך ווער משוגע!**

זיין פערפענדיקל נעמט זיך וואָרפן מיט האַסטיקער קלאַ־פעריי. דורך דער האַלב־אָפענער טיר קומט אַריין דער אַלטער פּליט. ציגעלע יאָגט זיך אַרויס דורך דער טיר. הינטל און קעצל — נאָכן ציגעלע. אַלטער פּליט קוקט זיך אַרום.



שטייט פאַרגאַפט. ס׳הערט זיך שאַרף און ווילד דער טיק־טאַק פונעם זייגער. אַלטער פּליט גייט צו צום זייגער־אַלמער, עפנט ס׳טירל און שטעלט אָפּ דעם פערפענדיקל. ס׳שטייט אַן אַ טויטע שטילקייט. אַלטער פּליט לאָזט זיך צו דער טיר, זאָגנדיק: שפוך חמתך על הגויים אשר לא ידעוך.



# דריטע סצענע

אין אַ יאָר אַרום. דאָס פּלאַץ לעבן אַברהמס הויז פּאַזע וואַלד. דאָס אויסזען פונעם הויז און פון אַרום — חורבן. דער דאַך אַראָפּגעריסן. די פענצטער אויסגעשלאָגן, די טיר צעעפנט, וויגט זיך אויף אַ שרויף. די טרעפּלעך ביים טיר איבערגעקערט. ביים שוועל וואַלגערן זיך צווישן אַ סך ברוכוואַרג אויך יצחקס שפּילצייג: דאָס ציגעלע, קעצל און הינטעלע. פאַרנאַכט. אָנהייב פרילינג. אַ פּאָר וואָכן נאָך היטלערס מפּלה. פון אַ זייטיקן וועג קומט אָן אברהם. דער גאַנצער מענטש פיזיש געענדערט. באָרד אָפּגעשוירן. אָנגעטאָן האַלב־קאַצעטיש. פּנים און גוף איינגעדאַרט. די פּלייצעס אַראָפּגעזונקען. ער איז מיד, קוים ער שלעפּט די פיס. ער קומט צו צום שוועל. אַלע זיינע באַוועגונגען פון איינעם וואָס קומט געוואויר ווערן אַ פּלאַץ נאָך וועלכן מען בענקט זייער שטאַרק און דערזעט ניט מער ווי פינצטערן חורבן און פאַרלאָזנקייט, האָט מורא צוצורירן זיך צו דער מינדסטער זאַך, האָט מורא אַרויפצוטרעטן אויפן שוועל. ער קוקט אַריין אין אויסגעבראָכענע שויבן, שפּרינגט אָפּ פון יעדער שויב מיט פּחד. ער ישובט זיך: אַריינגיין אינעווייניק צי ניט. באַשליסט אַריינגיין. ג׳יט אַריין. זאַמט זיך אַ פּאָר רגעס. קומט אַרויס צוריק מיט נאָך מער גרויל אויפן פּנים. לאָזט זיך אַראָפּ ווי אין איינבראָך אויף די צעוואַלגערטע טרעפּ, זיצט מיטן קאָפּ צוגעבויגן צו די קני. פון וואַלד אַנטקעגן קריכט אַרויס דער אומבאַקאַנטער ייד. ער שפּאַנט צו נעענטער אַ ביסל, דערזעט אברהמען ווי ער זיצט. בלייבט שטיין פון דער ווייטנס, שיסט אויס אין אַ ווילד געלעכטער, האַקט זיך אָפּ. אברהם הייבט אויף דעם קאָפּ, ווערט ניט איבערראַשט — ווי אַ צוגעוואוינטער צו אַזוינע באַגעגענישן, לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ צוריק. יענער לאַכט ווידער אויף.

אבּרהם

וי ער וואָלט אַרויסגעקרעכצט:

ווער זייט איר?

אומבאַקאַנטער ייד:

דער רבונו של עולם.

אבּרהם:

פון וואַנען קומט איר?

אומבאַקאַנטער ייד:

פון גן־עדן.

אבּרהם:

אַזש פון גן־עדן אַ ה ע ר? — אַ נאַרישקייט.

אומבאַקאַנטער ייד:

לאַכט.

אבּרהם:

ווי הייסט איר?

אומבאַקאַנטער ייד:

גאָט האָט ניט קיין נאָמען.

אבּרהם:

איר זייט ניט דער איינציקער פאַרריקטער קאַצעטניק וואָס איך טרעף. איר ווילט אַריין אין חורבה?

אומבאַקאַנטער ייד:

דו רופסט עס חורבה? ס'איז דאָך אַ פּאַלאַץ. אַפילו איך, גאָט, האָב ניט אַזאַ פּאַלאַץ.

אבּרהם:

איר ווילט אַריין?

אומבאַקאַנטער ייד:

ניין.



אבּרהם:

איר ווילט זיך צוזעצן?

אומבאַקאַנטער ייד:

גאָט זיצט ניט.

אבּרהם:

טאָ גייט, לאָזט מיך צורו.

אומבאַקאַנטער ייד:

פאַרוואָס קומט דיר רו?

אבּרהם:

כ'וויל שלאָפן.

אומבאַקאַנטער ייד:

און איך וויל עסן. שוין עטלעכע טעג אין מויל ניט געהאַט.

אבּרהם:

גאָט זאָל וועלן עסן?

אומבאַקאַנטער ייד:

אין וואַלד ווערט אַפילו גאָט הונגעריק.

אבּרהם:

לאַנג געווען אין וואַלד?

אומבאַקאַנטער ייד:

ווער ווייס? מסתמא לאַנג.

אבּרהם:

אַז מיר זיינען שוין נאָך היטלערס מפלה — ווייסט איר? אַז מיר גייען אַרום פריי איבער דער פאַרשאָלטענער דייטשלאַנד — ווייסט איר?

אומבאַקאַנטער ייד:

לאַכט ווילד.

**אבּרהם:**

פון וועלכן קאַצעט קומט איר?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

כ׳קום פון אַלע קאַצעטן מסתמא. און אפשר — וואָרט. כ׳דערמאָן זיך אָן עפּעס — כ׳בין אַ געשטאָרבענער. אַ דערמאָרדעטער, און כ׳האָב קיין קבר ניט, און — כ׳זוך —

**אבּרהם:**

וואָס זוכט איר?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

כ׳זוך מיין קבר. כ׳מוז קומען צו קבר ישראל. כ׳מוז. און וואָס טוסטו דאָ?

**אבּרהם:**

כ׳בין געקומען געוואויר ווערן מיין שטיבל —

**אומבאַקאַנטער ייד**

מיט געלעכטער:

דיין שטיבל?

**אבּרהם:**

וואָס איז דאָס געלעכטער? ערשט מיט אַ יאָר צוריק האָב איך דאָ געוואוינט מיט מיין פרוי און קינד.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

וואו איז איצט דיין פרוי און קינד?

**אבּרהם:**

פאַרברענט.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

פאַרוואָס ביסטו דאָ?

**אבּרהם:**

איך בין געבליבן לעבן.



**אומבאַקאַנטער ייד:**

אַזוי? געבליבן לעבן?

לאַכט מיט חוזק.

**אבּרהם**

אויפגעשוידערט:

איר זייט באמת משוגע! גייט אַוועק פון דאַנען. לאָזט מיך רוען.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

גאָט הייסט ניט רוען אין דייטשלאַנד.

**אבּרהם:**

אין דעם זייט איר גערעכט.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

אַז גאָט הייסט ניט, דאַרף מען פאָלגן. אויב איר וועט ניט פאָלגן, וועל איך אייך עוקר מן השורש זיין.

**אבּרהם:**

יעדער פון דער שארית הפליטה וויל אַוועק פון דאַנען קיין ארץ־ישראל.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

פאַרוואָס גייט איר ניט?

**אבּרהם:**

מען לאָזט ניט.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

און אַז מען וועט אייך ניט אַרויסלאָזן פון דאַנען — וועט איר בלייבן דאָ? וועט איר בלייבן?

גייט צו צו אַ פענצטער, רוקט אַריין דעם קאָפּ אין אַן אויס־געבראָכענער שויב. נעמט אַרויס דעם קאָפּ צוריק. דערזעט אַ פּאָר שויבן גאַנצע. גיט אַ זעץ אין זיי מיט די פויסטן. שויב אין געבראָזג צעפליט אין אַלע זייטן.

**אבּרהם**

זיצט אויף ז י טרעפּ. רירט זיך ניט פון אָרט:

**איר קענט ברעכן. איר מעגט ברעכן. וועט זיין נאָך אַ בראָך אינעם חורבן.**

**אומבאַקאַנטער ייד**

גייט אָפּ פון פענצטער. דערזעט לעבן די טרעפּ יצחקס שפּיל־צייג. הייבט אויף ס׳ציגעלע:

**וואָס איז דאָס?**

**אבּרהם:**

**טשעפּעט ניט. זאָל עס ליגן. מיין יצחקלס ציגעלע.**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**הערנערלעך — אָפּגעבראָכן, ס׳העלדזל — אויפגעריסן.**

וואַרפט צו דער ערד דאָס ציגעלע, נעמט אין האַנט ס׳קעצל.

**דיין אַרבעט, האַ?**
**וואָס שוויגסטו, קאַץ דו?**
**גענומען און צעביסן דאָס ציגעלע.**
**און ווער האָט דיר דיין האַלדז אויפגעריסן? ווער?**

וואַרפט צו דער ערד ס׳קעצל און הייבט אויף ס׳הינטל.

**צי דו האָסט עס געטאָן, כלב דו?**

וואַרפט ס׳הינטל צו אבּרהמס פיס.

**נאַדיר די באַשעפענישן דיינע —**
**די רייסער און די צעריסענע,**
**די בייסער און די צעביסענע.**
**נאַדיר זיי. איך דאַרף זיי ניט.**

**אבּרהם:**

**וואָס פאַר אַן אָנשיקעניש, רבונו דעלמא.**



**אומבאַקאַנטער ייד:**

**דו פרעגסט נאָך? שוויג כאַטש.**
**האָסט צוגעזען — אַ וועלט קומט אום,**
**האָסט צוגעזען — דיין פאָלק קומט אום,**
**דיין ווייב קומט אום,**
**דיין קינד קומט אום,**
**האָסט צוגעזען ווי איך קום אום,**
**און — גאָרנישט?**

**אבּרהם**

טרייסלט מיט די הענט ווי ער וואָלט אָפּגעטריבן עפּעס פון זיך:

**כ׳בעט אייך, גייט. כ׳בין מיד. כ׳שטאַרב שלאָפן.**

**אומבאַקאַנטער ייד**

מיט אַ ווילדער קראַפט:

**אַזוי? שלאָפן:**
**דו זיצט זיך ווידער אויף דייז גאַניקל**
**און — גאָרנישט?**
**ווידער אויסכאַליען זיך אַ וואַרעם גריבעלע,**
**אויסבויען זיך אַ שטיבעלע,**
**צוקלאַפּן אַ ברעטעלע צו אַ ברעטעלע,**
**אויפשטעלן זיך אַ בעטעלע,**
**אַ טישעלע, אַ בענקעלע, —**
**קוקן ווידער דורך אַ שייבעלע,**
**אפשר ווידער נעמען זיך אַ ווייבעלע,**
**זי זאָל ווידער קאָכן דיר אַ הונעלע,**
**און זאָל נאָכאַמאָל געבוירן דיר אַ זונעלע —**

אבּרהמס קאָפּ איז אַראָפּגעזונקען צווישן זיינע קני.

**וואָס איז מיט אים? ער שלאָפט — צי וואָס?**

דער אומבאַקאַנטער ייד איז געלעכטער:

**איינגעשלאָפן דער פרייער קאַצעטניק, איינגעשלאָפן.**

טרעט אָפּ אַהינטער. פֿאַרקריכט צווישן די ביימער. זיין געשטאַלט צווישן די ביימער אין אוונט־שיין צעוואַקסט זיך. אַלץ אַרום באַקומט אַן אויסזען ווי אין אַברהמס אַ חלום. די ביימער נעמען רוישן און דרייען זיך. נעמען אַן קאַשמאַרע פֿאָרמען. ווינטן הייבן אויף בלעטער, צווייגן, טראָגן זיי אַוועק. דעם אומבאַקאַנטן יידס געשטאַלט ווערט צונויפֿגעגאָסן מיט די ביימער, פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ ריז־שאָטן באַגאָסן אין דער הויך מיט אַ בלוט רויטער פֿייערדיקייט. אונטער דער שיין פֿון דער פֿייערדיקייט, ביי די פֿיס פֿון אברהמען, דעקט זיך אויף אַ טאָל אַן אָנגעוואָרפֿענער מיט משונהדיקע טויטע קערפּערס פֿון מענטשן, חיות און געוויקסן, צעדרייטע, פֿאַרשרפֿעטע. סע שטייט אַן אַ פּחדימדיקע פֿאַרגליווערטקייט, ווי אַלץ אַרום וואָלט אויסגעהויכט פֿון זיך דעם אָטעם. אברהם זיצט אויף די טרעפּ מיטן קאָפּ זוי פֿריער, אַריינגעזונקען אין שלאָף, צווישן די קני. פֿון צווישן די ביימער רופֿט די פֿונאַנדערגעוואַקסענע געשטאַלט.

**געשטאַלט:**

וואו ביסטו, אבא, מיין אבא?
אַזוי לאַנג נאָכאַנאַנד אַז איך רוף דיך —
אַזוי לאַנג, נאָך יענער פּסח נאַכט.
וואו ביסטו? — דו שלאָפֿסט גאָר?

פּויזע.

כ׳האָב דיר אָנגעטרויט אַ קליין וויים ציגעלע,
אַ ציגעלע, אַ חד־גדיאלע.
און אויך אַ ייִנגעלע, אַ זונעלע,
אַ טייערן, אַן איינציקן, אַ יצחקל — אַ חד־יצחקל,
און דו האָסט דאָך ליב געהאַט דיין זונעלע,
ווי אברהם אבינו זיין יצחקן,
און אויך דיין ווייב שרה האָט אים ליב געהאַט; —
האָט שרה איר ליבשאַפֿט מקיים געווען,
און דו — ניט.
שטיי אויף,
דיך רופֿט כביכול אויף אַן אמת.



**אברהם:**

שטעלט זיך אויף אין שלאָף, אָנגעפּילט מיט שטוינונג. שווייגט. זעצט זיך צוריק אַרונטער, דעם קאָפּ צו די קני.

**געשטאַלט:**

רירסט אָן מיט די פֿינגער דיין פּנים, —
דעקסטו־אויף דיין נאַקעטן אָרעם,
און כ׳זע דיין קאַצעט־נומער אויסגעברענט אויף אים:
פֿינף טויזנט זיבן הונדערט און פֿיר —
דער ריכטיקער מספּר לבריאת העולם.
אַ וויי מיר —
פֿון בריאת העולם — צו חורבן העולם,
פֿון קדושה־ספֿירה — צו היטלער־ציפֿער,
אַ וויי מיר, אַ וויי מיר.
און דיך האָב איך געמאַכט פֿאַר אַ שומר,
און כ׳זוך דיך — און דו ביסט ניטאָ.

**אברהם**

אַנגסטיק, דורכן שלאָף:

וואָס ווילסטו, בורא עולם, פֿון מיר?
כ׳בין מיד. כ׳שטאַרב שלאָפֿן.

**געשטאַלט:**

אַ שומר טאָר קיינמאָל ניט מיד זיין.
איצט דאַרף איך אַליין שטיין און היטן
דיין טויטע פֿאַרגרויליקטע וועלט —
דיין וועלט די פֿאַרלייגטע מיט פּגרים.

**אברהם**

אין שלאָף, אויפֿגערודערט:

ס׳איז דיין וועלט!

**געשטאַלט:**

זיי שטיל! אַזאַ העזה!
כ׳האָב אָנגעטרויט דיר אַ קליין נפֿשל —

אַ שטילס, אַ שיינס, אַ זויבערס —
צו שיצן, צו היטן, צו טייער האַלטן —
אַ ווייס ציגעלע, אַ שיין יינגעלע.
און איצט ?
ס׳געשריי פונעם נפשל איז דערגאַנגען צו מיר,
און אויפגעריסן אַלע מיינע הימלען.
וואו ביסטו ?

**אברהם :**

כ׳האָב מורא.

**געשטאַלט :**

פאַרוואָס האָסטו מורא ?

**אברהם :**

כ׳בין שולדיק.

**געשטאַלט :**

אַזוי האָב איך ליב ווען דו רעדסט.
קום־צו צו מיר.

**אברהם :**

אַז אַלץ ליגט דערהרגעט — דערהרגע אויך מיך,
און ווער שוין אויך פטור פון מיר — פונעם לעצטן.

**געשטאַלט :**

כ׳בין דאָ צוליב דיר. דו דאַרפסט לעבן.
דאַרפסט ווערן דער שומר אויפסניי.

**אברהם :**

דער שומר פון וואָס ?

**געשטאַלט :**

עפן אויף דיינע אויגן און זע —
אָט ליגט דאָ דאָס ציגעלע — ליגט אַ צעפליקטס,
און אָט ליגט די קאַץ די מנובלע,



און אָט פוילט דער הונט אַ צעווערעמטער,
און אָט איז דער אָקס אַ צעשאַכטענער,
און אָט ליגט דער שעכטער דערקוילעט דערביי,
און אָט ליגט דער מלאך המות אַליין.

**אברהם :**

איז וואָס וועט זיין ווייטער ?

**געשטאַלט :**

דאָס פרעג איך ביי דיר.

**אברהם :**

ביסט גאָט — ד אַ ר פ ס ט ו דאָך אַלץ וויסן.

**געשטאַלט :**

ניין. ד ו ביסט מחויב צו וויסן !
אַז כ׳האָב זיי — די ברואים די אַלע —
באַשאַפן אַמאָל, איז געווים דאָך געווען
אַ טעם צוליב וואָס כ׳האָב זיי אַלע באַשאַפן,
אַ שכל, אַ זין — אַ בראשית.
דעם שכל, דעם טעם האָב איך דיר אַנגעטרויט,
און אָט — אַזאַ מיאוסער סוף.
אַז וויי מיר, אַז וויי מיר —
אַז כ׳האָב אַזאַ נאַרישן שומר.
צי זעסטו דאָס בילד אַרום זיך ?

**אברהם :**

מאַך בלינד מיינע אויגן, רבונו דעלמא,
זיי זאָלן דאָס בילד מער ניט זען.

**געשטאַלט :**

וואָס אָפענער, אָפענער האַלט דיינע אויגן,
זאָפּ איין אין זיך אַלעמענס טויט אויף דאָס ניי.

**אברהם:**

צי האָב איך דען ווייניק געהאַט?

**געשטאַלט:**

האָב נאָך! — זע, באַקוק און באַרעכן
ווי שנעל און ווי פלינק ס'איז געשען די הריגה —
די העסלעכע ווילדע חד־גדיא.
איין קעציִשער צאָן אינעם האַלדז פונעם ציגעלע,
און שוין רייסט דער הונט פאַרן גאָרגל די קאַץ;
און גליַיך איז דער שטעקן שוין דאָ
און שמעטערט דעם קאָפּ פונעם הונט;
און אָט טאַנצט דאָס פייער,
און אָט יאָגט דאָס וואַסער,
און אָט האַלט דער אָקס נאָך אין זופן,
און — ס'מעסער איז שוין אין זיין נאַקן,
און שוין ליגט דער שוחט און כאָרכלט.
איין רגע, נאָר איין הריף־עין — און שוין!
זאָל ווער עס פון זיי גאָר אַ טראַכט טאָן,
אַליין גאָר אַ פרעג טאָן: פאַרוואָס? צוליב וואָס?
זאָל ווער עס זיך געבן אַ וואַקל אין ספק:
פאַרצוקן — צי ניט?
דערווערגן — צי ניט?
פאַרקערט — אַזאַ ברען, אַזאַ תאווה ביי יעדן
צו זיין דער שליח פון טויט!
און יעדער איז זיכער אין האַרצן ביי זיך
אַז ער, און נאָר ער, ברענגט די גאַנצע גערעכטיקייט,
אַז ער וועט פאַרבלייבן דער גליקלעכער לעצטער
דעם טויט אויסצומיידן — דער בחיר.
און איצטער? — נאָר הערנער. נאָר ביינער, נאָר שאַרבנס,
נאָר העלדזער, נאָר פיס, נאָר קאַפּיטעס;
און ריפּן, און עקן, און שטעקנס, און מעסערס,



און — שטילקייט.
אוי ווי, סאַראַ שטילקייט!
און אַלץ — דורך אַ קליינינקער סיבה,
וואָס דו — אַ לאַ־יוצלח אָן אבא, אַ פּחדן,
פאַרפעלט האָסט באַצייטנס צו טרייבן־פאַריאָגן
אַ קאַץ און אַ הונט פון דיין שוועל.

**אברהם**

שפרינגט אויף:

איך קען מער ניט שוויַיגן.
ניט איך בין דער שולדיקער!
איצט ווילסטו אויף מיר אַלץ אַרויפוואַרפן,
אויף מיר — אויף מיין אָרעמען קאָפּ.
און דו ווילסט פון אַלעם זיך אָפּטרייסלען.
צי פּאַסט עס אַזוינס פאַרן האַר פון דער וועלט?
ניט איך בין דער פּחדן, נאָר דו!
איך זאָג עס דיר אָפן, רבונו דעלמא!

**געשטאַלט:**

איך זע — ביסט אַפילו ניט דאַנקבאַר
פאַר בלייבן דער איינציקער פרייער־באַפרייטער
פון שרעק פאַרן מלאך המות.

**אברהם:**

ווי זאָל איך מיך פרייען און דאַנקען?
דער מלאך המות ליגט טויט —
אָבער ס'ציגעלע ליגט דאָך נאָך טויטער!
דערמאָנט עס מיך שטענדיק אָן יצחקלען.
וואָס קומט מיר פון אַלע נקמות אַרויס,
אַז קרבן בלייבט סיי־ווי־סיי קרבן,
בלייבט ליגן און שטייט מער ניט אויף?

**געשטאַלט:**

האָסט שטענדיק אין זינען דיין יצחקן נאָר.

**אברהם:**

צי בין איך קיין טאַטע ניט?

**געשטאַלט:**

וואָס ווילסטו כ׳זאָל טאָן?

**אברהם:**

מאַך לעבעדיק ס׳ציגעלע צוריק.
מאַך לעבעדיק יצחקלען צוריק.
מאַך לעבעדיק שרהן צוריק.
מאַך לעבעדיק אַלעמען, אַלעמען.
אַן אָרעמער ייד בין איך, גאָט מיין האַר,
און מיד בין איך, גאָט מיין האַר,
און ס׳ברענט אויף מיין לייב נאָך דער יודע־נומער,
און כ׳קען ניט פאַרטראָגן מיין עלנט
אַט דאָ אינעם גיי־צלמות, איך קען ניט.
כ׳מוז עמעצן האָבן צו זיך — אַ לעבעדיק נפש,
צו וואַכן איבער דעם און צו ליב האָבן עס,
אַפילו ווען שוואַך איז מיין האַנט און געבראָכן
אַנטקעגן די ציין פון אַ הונט, צי אַ וואָלף.
איך קען אין אַ וועלט אין אַ טויטער ניט לעבן.
באַדאַרפט וואָלט איך אַנטאָן אַליין זיך אַ מיתה, —
אויך דאָס אָבער קען איך ניט. העלף מיר.

**געשטאַלט:**

איך העלף דיר. איך זאָג דיר: לעב!

**אברהם:**

איך קען ניט. דער עלנט דערשטיקט מיך.
מאַך לעבעדיק צוריק די וואָס ליגן דאָ.



**געשטאַלט:**

אַפילו דעם מלאך המות?

**אברהם:**

טו אַלץ וואָס דו קענסט נאָר. טו אַלץ.
אַבי נאָר דער אמתער קרבן זאָל אויפשטיין.

**געשטאַלט:**

איז, הייסט עס, אַלץ אָנהייבן אויפסניי?
די גאַנצע חד־גדיא צוריק — אויף צוריק?
שוין איין מאָל אַן איינפאַל —
אַ ווילדער קאַצעטישער איינפאַל — כאַ־כאַ!

אַ געלעכטער צעטראָגט זיך ווי אַ שטורעם. אברהם כאַפּט זיך אויף. די זעאונגען פאַרשווינדן. אברהם לאָזט זיך אַ דורכגעציטערטער אַוועקגיין. דער אומבאַקאַנטער ייד וואַקסט אויס אַנטקעגן אים פון הינטער אַ בוים.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

וואוהין גייסטו?

**אברהם**

קוקט אויף אים מיט אַ באַזונדערער מורא. ענטפערט ווי אַ באַצוואונגענער:

**כ׳גיי קיין פערנוואַלד — צו איינעם פון די לאַגערן פון דער שארית הפליטה.**

הייבט אויף דאָס שפּילצייג — דאָס ציגעלע.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

צו וואָס נעמסטו עס מיט?

**אברהם:**

איך ווייס ניט. אפשר דאַרף איך עס.

נאָך אַ לאַנגן קוק אויפן אומבאַקאַנטן ייד, אַפּ מיטן וועג. פויזע. אומבאַקאַנטער ייד שטייט אַן אויסגעשטרעקטער,

צוגעשפּאַרט צום שטאָם פון אַ בוים. עס הערט זיך אַ שטיל־געברום „אני מאמין". עס קומט אָן דער אַלטער פּליט מיט אַ וועג־זאַק אויף דער פּלייצע.

**אַלטער פּליט:**

וואו איך קום ניט, דאָרטן טרעף איך אייך. ר׳ ייד.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

גאָט איז אומעטום.

**אַלטער פּליט:**

שוין העכער אַ יאָר אַז איר וואָגלט אַרום, ר׳ ייד.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

וואָס? דו זשאַלעוועסט צייט? כ׳האָב אַליין מיר אויף אַ ווייל אַ תחית־המתים געמאַכט, און פאַרטיק.

**אַלטער פּליט:**

אַפילו משיח צדקנו קאָן ניט זאָגן אַזוינס.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

אָבער איך קאָן. — דו זאָגסט משיח? אומזיסט גאָר דו זאָלסט ריידן וועגן אים.

**אַלטער פּליט:**

פאַרוואָס?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

ער ליגט אין דאַכאַו־קבר גלייך מיט אַלע הרוגים. ער ליגט אונטן און אַלע הרוגים אויף אים. טויזנטער, טויזנטער אויף אים. איך וויים. — קום.

**אַלטער פּליט:**

וואוהין?



**אומבאַקאַנטער ייד:**

קיין פערנוואַלד. איך הער — יידן גייען קיין פערנוואַלד.

**אַלטער פּליט:**

בעט דאָרטן, ר׳ ייד, מען זאָל אייך ברענגען אין דער רו אַריין.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

כ׳האָב צייט.

אָפּ. דער אַלטער פּליט קוקט אים נאָך.



# פערטע סצענע

וועג פֿאַזע וואַלד. אַ מחנה קאַצעטניקעס, אַ מענטשן פּופּצן, שלעפּט זיך מיטן וועג. זיי זיינען אָנגעטאָן האַלב ציוויל, האַלב קאַצעטיש. זיי זעען אויס אויסגעדאַרט. שוואַכע פירט מען אונטער די הענט. מענער, פרויען. פֿאַרנאַכט.

זקן:

אַ ביסל אָפּרוען וועט גאָרניט שאַטן, ליבע יידן.

יצחק

וועלכער פירט דעם זקן:

איך פיר דאָך אייך אונטער דער האַנט.

זקן:

זאָלסט מיר טאַקע זיין געבענטשט דערפאַר. אָבער אַ ביסל אָוועקזעצן זיך מוז איך.

זעצט זיך אַרונטער ביים ברעג פון וועג. אַלע שטעלן זיך אָפּ. נעמען זיך צוזעצן.

יעקב:

אַ שאָד די צייט. דער פערנוואַלדער לאַגער איז שוין ניט וויט.

יצחק:

פון וואַנען ווייסט איר?

יעקב:

איך זאָג דען, אַז איך ווייס? כ'בין זיך משער.
און יעדע שעה וואָס מיר צעפּטרן איז טייער.

רחל:

אַ מענטש זאָל ריידן נאָר צום גראַם.

יעקב :

איך הייס ניט מענטש סתם, איך הייס יעקב ווען אפילו ניט צום גראם. און איר — ווי הייסט איר ?

רחל :

וואס איז דען ? — רחל הייס איך.

יעקב :

טא זייט זשע וויסן נאכאמאל אז איך הייס יעקב. און יעקב און רחל האבן עפעס א שייכות. ווי אין חומש שטייט. זאלט איר עס וויסן זיין.

רחל

לאכט :

נו גוט, כ׳וועל עס וויסן. דערצו נאך ווען מיר האבן אויך א לאה צווישן אונדז.

צו א צווייטער פרוי :

וואס זאגט איר, חברטע לאה ?

לאה :

דער ייד, זעט מיר אויס, וויל זיין צופיל חכם.

יעקב :

א יידישע טאכטער וואס איז ארויס א לעבעדיקע פון בוכענוואלד דארף ניט זיין בייז.

לאה :

כ׳בין ניט בייז. ניט געמיינט אייך צו באלײדיקן.

יעקב :

איך זאג, אז מיר געפעלט וואס מיר האבן אי א רחל, אי א לאה. אפשר אויך א רבקה און א שרה ?

רבקה :

איך הייס טאקע רבקה.

אלע לאכן.



יעקב :

ווער־זשע איז דא שרה ?

פויזע.

קיין שרה ניטא ? א שאד. אזוי וואלטן מיר שוין געהאט אלע אמהות.

איינער :

און וואס איז מיט אונדז, מענער ? אז א יעקב האבן מיר — וואו־זשע זיינען די איבעריקע אבות ? איז דא צווישן אונדז אן אברהם, א יצחק ?

יצחק :

מאלט אייך אז איך הייס יצחק.

יעקב :

אויסגעצייכנט.

יצחק

כמורנע :

וואס איז דא אזוי אויסגעצייכנט ? וואס איז די שמחה ?

יעקב :

א שמחה ווי א שמחה — צו וואס אבער אזא כעס ?

יצחק :

ניט אלע מאל איז צייט פאר קאטאוועס.

יעקב :

און ווען איז יא א צייט, יונגערמאן ? פאר קאצעטניקעס איז קיינמאל ניט די צייט. — און וואס עפעס קאטאוועס ? אז מיר האבן ניט צוריק אלע אבות, זיינען מיר ברעקלעך, זיינען מיר דרויב, זיינען מיר נאך אלץ צעשאטענער שטויב, זיינען מיר קאצעטניקעס, בעזדעטניקעס, אן קינדער, אן לייב און לעבן.

רבקה

מיט א וויינענדיקן קול :

זאל ער ניט דערמאנען וועגן קינדער —

**לאה:**

ניט אַלץ איז טאָקע אַ חכמה, ר׳ ייד. מען דאַרף אַכטונג געבן וואָס מען רעדט.

**רחל**

פֿאַרשטיקט:

און מײַנע צוויי מיידעלעך — —

**יעקב:**

זייט מיר מוחל. כ׳האָב גאָרניט געמיינט.

שפּרינגט אויף.

איך האָב אויך געהאַט אַ פֿרוי און אַ קינד.

מיט אַנגסט אין קול:

שאַט, איך בעט אײַך — ניט געוויינט. טוט ווי איך טו. אַז אויפֿן האַרצן ווערט ביטער ווי סם, נאָר איך עס אַפּ מיט אַ גראַם. געירשנט פֿון מײַן טאַטן ע״ה, דעם בדחן. אַ גליקלעכער טאַטע געווען: אַוועק פֿון דער וועלט באַצײַטנס מיט אַן אייגענעם טויט. —

צו רחל:

נעמט ניט פֿאַר אומגוט, כ׳בעט אײַך.

**רחל:**

נו — וואָס שייך? — אַ וואונד טאָר מען ניט אָנרירן אַלע ווײַלע, מײַן פֿרײַנד. דערצו נאָך ווען ס׳איז אַלעמענס וואונד.

**יעקב:**

גערעכט. מיר זײַנען צופֿעליק־צוזאַמענגעטראָפֿענע. דאָ אויפֿן וועג באַגעגנט זיך, — אָבער ייִדן זײַנען מיר ניט קיין צופֿעליקע. אַלע זײַנען מיר קרובֿים.

עולם צעזעצט זיך; ווער עס ציט זיך אויס, אונטערשפּאַרנדיק אונטערן קאָפּ זײַן וועג־געפּעק. יעקב זעצט זיך אין פֿאַרנט, נעמט אונטערזינגען מיט אַ געצוואונגענער זאָרגלאָזיקייט.



**יעקב:**

קאַצעטניקעס, ברידער,
באַלד קומען מיר ווידער
אַרײַן אין אַ לאַגער,
ווי גאָט האָט געבאָטן.
איין איינציקער חילוק:
אָן שטעכיקע דראָטן,
אָן קאַפּאָס, אָן הינט
און אָן קרעמאַטאָריע.
ס׳וועט אונראַ אונדז שפּײַזן
מיט ברויט און ציקאָריע,
לויט חשבון קאַלאָריע,
עס וועט אונדז זײַן גוט —
עס זאָגט אײַך נבֿואה
אַ נבֿיא אַ שוטה.
מיר זײַנען איצט אַלע
די שארית הפּליטה.

**זקן:**

קאָנסט שוין אַליין זײַן אַ בדחן, מײַן זון.

**יעקב:**

זאָל נאָר זײַן אַ חתונה.

שפּרינגט אויף ווידער.

קומט גיין. מיר דאַרפֿן נאָך הײַנט דערגרייכן פֿערנוואַלד.

**זקן:**

וואָס אַזאַ יאָגעניש, רבונו של עולם, אַזאַ אײַלעניש? וואָס וועלן מיר פֿאַרשפּעטיקן? איך פֿרעג אײַך, ייִדן.

**איינער:**

ס׳ווילט זיך שוין זײַן אין אַ לאַגער צוזאַמען מיט דער גאַנצער שארית הפּליטה. געגנוג אַרומצושלעפּן זיך גלאַט אַזוי איבערן פֿאַרשאָלטענעם דײַטשלאַנד. אַז מירן זײַן אין לאַגער, וועלן מיר קאָנען אָנהייבן טראַכטן וועגן אמתן תכלית, וועגן גיין קיין ארץ־ישׂראל.

**אַ צווייטער:**

הלוואי האַלטן מיר שוין דערביי. דערווייל גייען מיר ערשט ווידער צו אַ לאַגער.

**יצחק**

אויפגערעגט:

לאַגער, לאַגער! — פונעם נאָמען אַליין קאָן מען משוגע ווערן. גענוג געלאַגערט! שוין ניטאָ קיין אַנדער וואָרט מיט וועלכן אָנצורופן די צונויפזאַמלונג פון דעם ביסל לעבן־געבליבענע ייִדן?

**יעקב:**

כ׳בין מסכים אַז מען דאַרף אַן אַנדער וואָרט, — אָבער קודם־כל באַדאַרפן מיר דעם עיקר: אַן אַנדער אָרט.

**יצחק:**

דאָס אַנדערע אָרט איז ארץ־ישראל. ניטאָ קיין אַנדער אָרט.

**יעקב:**

און איך זאָג דען אַז ניין? — איר גיט מיר ארץ־ישראל און איך נעם עס ניט? — אָט הייסט איר יצחק, ווייסט איר דאָך אַז ווען אברהם האָט איך געפירט צו דער עקידה, זייט איר געגאַנגען צום באַרג מוריה, און ווען איר זייט געגאַנגען פון דער עקידה, זייט איר געגאַנגען — וואוהין? הא, וואוהין?

**יצחק:**

אַ משל — אַ טאַרבע פּלעקער. קלעפּט זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט.

פון וואַלד קומט אַרויס **שרה די צווייטע**, אַ טראָג־זאַק אויף אירע אַקסלען. זי שטויסט זיך אָן אַן דער מחנה.

**יעקב:**

עמך?

**שרה:**

אוודאי עמך. גאָט העלף. מעג מען זיך צוזעצן?



**שמימען:**

אוודאי. אַדרבה.

**שרה:**

קוים וואָס זי האַלט זיך אויף די פיס. גיט זיך אַ זעץ אַרונטער.

**יעקב:**

איר קומט, זעען מיר, ניט מיטן שליאַך.

**שרה:**

איך קום פון וואַלד. און כ׳דאַרף צוריקגיין.

**לאה:**

פאַרוואָס? — מיר גייען אַלע קיין פערנוואַלד. קומט מיט.

**שרה:**

כ׳וועל אויך גיין אַהין — אָבער אַ ביסל שפּעטער.

**רחל:**

איר וועט גיין אַליין אין וואַלד אַנטקעגן נאַכט?

**שרה:**

זינט ווען האָבן עס קאַצעטניקעס מורא?

**יעקב:**

טאַקע אמת. קאַצעטניקעס האָבן פאַר קיין זאַך קיין מורא ניט, אָבער —

**שרה:**

וואָס — אָבער? אויב איר איילט זיך — גייט בשלום. כ׳וועל זיך צושלאָגן צו אַן אַנדער גרופּע וואָס וועט מסתמא באַלד אָנקומען.

**רחל:**

אָבער צו וואָס גיין אין וואַלד אַריין אַנטקעגן נאַכט? ווי אַ דייטש אַנטלויפט איצט ניט ווען ער דערזעט אַן אונדזעריקן — פונדעסטוועגן איז קיין שכל ניט צו לאָזן זיך אין וואַלד אַריין אַליין —

**שרה:**

דער וואַלד רופט מיך נאָכאַנאַנד. ווי נאָר איך קום־צו צו אַ וואַלד, אַזוי גיט עס מיך אַ צי ווי איך וואָלט הערן אַ קול: קום זוך מיך, געפין מיך.

**רחל:**

איך פאַרשטיי. מיר פאַרשטייען אַלע.

*מיט פאַרשטיקטן געוויין:*

איר זייט, שוועסטער, ניט די איינציקע וואָס הערט אַזוינע קולות.

**שרה:**

אַוודאי ניט די איינציקע. אָבער וואָס קען איך טאָן? — כ׳קען זיך ניט העלפן. כ׳קען ניט פועלן ביי זיך פאַרבייצוגיין אַ וואַלד און ניט טראַכטן אַז דאָ איז עס געשען, אַז דאָ האָבן זיי אים פאַרשלעפּט און אומגעבראַכט. — ווי נאָר איך גיי פאַרביי אַ וואַלד, אַזוי דוכט זיך מיר אַז איך הער ווי ער רופט מיך: שרה, קלייב צונויף כאָטש מיינע ביינער — ברענג מיך צו קבר ישראל.

**יעקב:**

איר הייסט שרה?

**שרה:**

יאָ, וואָס איז דען?

**יעקב:**

האָבן מיר שוין טאַקע אַלע פיר אמהות. אַלע פיר.

**לאה:**

ניט קיין צייט פאַר לצנות.

**רבקה:**

אַוודאי — ניט רעכט אַזוי —

**יעקב:**

וואָס עפּעס לצנות? איך זע גאָטס צייכן אין דעם, און ביי אייך איז עס לצנות.



**שרה:**

איך פאַרשטיי ניט וואָס איר רעדט אַלע. איך פאַרשטיי ניט.

*גיט האַסטיק זיך אַ לאָז אין צווייטער זייט וואַלד. אָפּ.*

**זקן:**

אַ בעלנות פון אַ מענטשן: זיך נאָכגעבן אַזוי. וואָרום דאָס הייסט ביי מיר: נאָכגעבן דעם אייגענעם ווייטיק. און אַ ייד, קינדערלעך, דאַרף זיך ניט נאָכגעבן. אַפילו אַז אים ווילט זיך וויינען — דאַרף ער זיך איינהאַלטן. און לויפן איבער די וועלדער זוכן הרוגים — טאָר ער ניט. חיות ניט זיכער. ניט רעכט אַזוי. וואָרום אַז יעדער פון אונדז וועט זיך אָוועקלאָזן אָט אַזוי־אַ זוכן, אָט אַזוי־אַ נישטערן וואו נאָר אַ סימן פון אַ קבר, וואו נאָר אַ סימן פון אַ הרוג —

**יעקב:**

ריכטיק ווי גאָלד. קאַצעטניקעס דאַרפן זיך אויסלערנען אַפילו אַ ביסל לאַכן. פאַרפאַלן. זיי דאַרפן זיך עס אויסלערנען. גענוג צו ליגן, קומט.

*ער לאָזט זיך גיין. אַלע הייבן זיך אויף.*

געגאַנגען איז געגאַנגען,
גערוט איז גערוט.
אַז עמיץ וויל דאָ בלייבן —
איז אויך מסתמא גוט.
דער וועג פון אַ קאַצעטניק
איז אויסגעבעט מיט נס,
ער שפּרייט אויס זיינע אָרעמס
און — נעמט אַרום אַ מת.
ביז וואַנען ער ווערט היימיש
מיט אייגענעם געביין,
דערזעט אַ ליכט פון חסד —
און לאָזט צו אים זיך גיין.

*אַלע אָפּ מיט דער ריכטונג פונעם שליאַך. ווען זיי דערווייטערן זיך קומט אברהם. ער גייט לאַנגזאַם. ער איז מיד און צעשויבערט. טראָגט אין האַנט יצחקלס ציגעלע. ער זעט*

די אַפגייענדיקע יידן, גיט זיך אַ צי האַסטיקער, אָבער טוט גלייך אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: כ'וועל ניט פאַרשפעטיקן. ער לאָזט זיך אַראָפ ביים זוים פון וועג אונ־טער אַ בוים. באַטראַכט ס'ציגעלע.

**אברהם:**

צו וואָס האָב איך עס מיטגענומען, האַ?

לייגט אָפ ס'ציגעלע אָן אַ זייט. ציט זיך אויס.

ס'איז דיין ציגעלע, יצחקל. — וואָס מאַכסטו, יינגעלע מיינס? און דו, שרה, וואָס מאַכסטו?

צעלאַכט זיך ביטער:

איעדער וואָלט געמיינט אַז כ'בין פון זינען.

**קול:**

ניט איעדער.

**אברהם:**

כ'וואָלט שווערן אַז כ'הער ווידער עמיצן ריידן צו מיר.

**קול:**

אברהם!

**אברהם**

זעצט זיך אויף, קוקט זיך אַרום:

די קולות מאַכן מיך משוגע. — איין מינוט כאַטש איינדרעמלען.

ציט זיך אויס און זעצט זיך ווידער אויף.

אפשר רעדט עס יצחקלס ציגעלע, דאָס שטיק פופעלע? — דאָס ביסטו, ציגעלע, דו?

**קול:**

אַוודאי איך.



**אברהם**

שפרינגט אויף. באַקוקט דאָס שפילצייג. באַמערקט קיין זאַך ניט. ציט זיך אויס צוריק, לייגט אַרויף די הענט אויף די אויגן:

איז דאָך טאַקע אמת, אַז וואָס דיין מוח טראַכט, דערהערסטו אַמאָל ווי אַ קול איבער זיך.

פויזע.

רבונו דעלמא, גיב מיר כוח צו קאָנען ווייטער לעבן. גיב מיר, רבונו דעלמא.

**קול:**

אברהם!

**אברהם:**

וויל זיך ווידער אויפהויבן.

**קול:**

ניין. הייב זיך ניט אויף.

**אברהם:**

ווער ביסטו?

**קול:**

שרה און יצחקל בעטן איך זאָל דיך רופן.

**אברהם:**

גוט צו הערן דעם זיסן קלאַנג פון זייערע נעמען. וואו זיינען זיי?

**קול:**

דו ווייסט אַליין.

**אברהם:**

כ'וויל וויסן עפעס מער.

**קול:**

דעם פולן אמת?

**אברהם:**

**יאָ, דעם פולן אמת פון י ע נ ע ר נאַכט.**

**קול:**

שווייגט.

**אברהם:**

**פאַרוואָס ענטפערסטו ניט? באַשולדיקסט מיך?**

**קול:**

שווייגט.

**אברהם:**

**צי אפשר לעבן זיי נאָך ערגעץ?**

**קול:**

**ניין.**

**אברהם:**

**איך גיי אויס פון בענקשאַפט נאָך זיי.**

**קול:**

**פונדעסטוועגן לעבסטו.**

**אברהם:**

**צי מיינסטו אַז כ׳האָב געקאָנט עפּעס טאָן בשעת־מעשה זיי צו ראַטעווען?**

**קול:**

**איך ווייס ניט.**

**אברהם**

מיט געשריי:

**צו אַלדי גוטע יאָר!**

שפּרינגט אויף, קוקט זיך אַרום, דורכגענומען מיט אַנגסט. זעצט זיך הינטער אַ שטיין. זיצט צונויפגעדרייט.

**רבונו דעלמא, היט מיך אויס פון שגעון.**



פון וואַלד קומט אַרויס שרה די צווייטע, שלאָגט זיך אָן אָן אברהמען.

**שרה**

דערשראָקן:

**ווער זיצט דאָ? עמך?**

**אברהם:**

**ווער דען אַנדערש?**

**שרה:**

**פון וואַנען?**

**אברהם:**

**פון דאַכאַו.**

**שרה:**

**איך פון בוכענוואַלד.**

**אברהם:**

**פון וואַנען קומט איר איצט?**

**שרה:**

**איר זעט דאָך — פון וואַלד.**

**אברהם:**

**איר גייט קיין פערנוואַלד?**

**שרה:**

**יאָ.**

**אברהם:**

**איך גיי אויך אַהין. זעצט זיך צו אויב איר ווילט.**

**שרה:**

**אַ דאַנק.**

זעצט זיך.

**אברהם:**

אײנע אַלײן פֿון װאַלד.

**שרה:**

געזוכט, געניששטערט.

**אברהם:**

געפֿונען װאָס?

**שרה:**

קײן סימן נישט. קײן ברעקל בײן אַפֿילו נישט. קײן סימן פֿון אַ שאַרבן.

**אברהם:**

איך שטױס מיך אָן. אַלע זוכן מיר און נישטערן.

**שרה:**

אַ װאָך נאָך אונדזער חתונה האָט מען אים אָװעקגענומען מיט אַ מחנה ייִדן אין אַ װאַלד אַרײַן. און שפּעטער דערנאָך דערשאָסן.

**אברהם:**

אין אײנעם פֿון די װעלדער דאָ?

**שרה:**

איך װײס אַלײן נישט. אפֿשר דאָ — אפֿשר אין אַן אַנדער װאַלד.

נעמט אַרױס פֿון איר זעקל אַ קאָלדרע, שפּרײט אױס איבערן גראָז, פֿאַלט אַװעק דערשעפּט.

כ׳בין טױט מיד. נעמט נישט פֿאַר אומגוט. איר קאָנט זיך זעצן אױף אַ טײל קאָלדרע, אױב איר װילט.

**אברהם**

טוט עס:

אַ דאַנק. ס׳װערט פֿינצטער. צײַט צו לאָזן זיך װײַטער אין װעג אַרײַן.

**שרה:**

װײַט פֿון דאַנען קײן פּערנװאַלד?



**אברהם:**

נישט זײער װײַט.

**שרה:**

כ׳װעל נישט פֿאַרשפּעטיקן. װען כ׳װעל נישט אָנקומען, װעט עס זײַן אין צײַט.

**אברהם:**

אמת.

**שרה:**

אױב איר אײַלט זיך — דאַרפֿט איר נישט זײַן געשטערט.

**אברהם:**

נײן, איך אײַל זיך נישט.

**שרה:**

טאָ ציט זיך אױס איבער דער קאָלדרע און רוט. מיר קאָנען זיך נישט, אָבער קאַצעטניקעס דאַרפֿן זיך נישט קאָנען צו זײַן הײמיש. און די קאָלדרע קאָן זײַן איז אײערע אַזױ װי מײַנע.

**אברהם:**

מעג איך װיסן װי מען רופֿט אײַך?

**שרה:**

שרה.

**אברהם**

אױפֿגעװאַכט:

שרה?

**שרה:**

װאָס איז אַזױנס?

**אברהם:**

מײַן װײַב האָט אױך געהײסן שרה.

**שרה:**

יאָ? — נו װאָס? ס׳טרעפֿט אַזױנס.

**אברהם:**

און איך הייס אַברהם.

**שרה:**

שטימט דאָך עס טאַקע.

**אברהם:**

וואָס שטימט?

**שרה:**

איך מיין: די נעמען שטימען. — וואָס ליגט דאָ לעבן אייך? אַ שפּיל־צייג, זע איך. אַ ווייס ציגעלע.

**אברהם:**

מיין יצחקלס אַ שפּילצייג. כ׳האָב געהאַט אַ זונעלע. — דאָס אַלץ וואָס איז פאַרבליבן.

**שרה:**

כ׳פאַרשטיי. — אָבער ווי האָט איר עס דורכגעטראָגן דורך די לאַגערן?

**אברהם:**

ס׳האָט געוואַרט אויף מיר ביי דער שוועל פון מיין שטיבל. כ׳האָב געהאַט אַ שטיבל דאָ ניט ווייט פון דאַכאַו.

*זיין קול פאַרהאַקט זיך אין אַ מין גשוויין.*

**שרה**

*לייגט אַרויף איר האַנט אויף זיין אַקסל:*

מען דאַרף ניט וויינען.

**אברהם:**

איך דאַנק אייך.

**שרה:**

אייך דאַנקען דאַרף מען ניט.



**אברהם:**

נאָך יאָרן פון אַזוי פיל רשעות און אבלות — אַז ס׳איז נאָך דאָ אין אונדז אַ ביסל וואַרעמקייט, און איינער קאָן נאָך אַנרירן דעם צווייטן מיט אַ האַנט — — —

**שרה:**

איך בעט אייך — רעדט ניט —

*נעמט אַליין איינברעכן. לאַנגע פויזע.*

אַנטשולדיקט, כ׳האָב געזאָגט: מען דאַרף ניט וויינען, און אַליין האַלט איך ניט אויס — — ווי מאָדנע. — כ׳דערקאָן אין אייך אַ נאָענטן מענטשן. און כ׳זע אייך דאָס ערשטע מאָל —

**אברהם:**

ניט קיין חידוש. מיר זיינען — שארית הפליטה. ניט קיין חידוש אַפילו וואָס אויך איר הייסט שרה.

**שרה:**

ניט קיין חידוש? — איך מיין גראָד אַז ס׳איז יאָ אַ חידוש.

**אברהם:**

און ווי האָט געהייסן אייער מאַן? ס׳וואָלט נאָך געפּאַסט אַז אויך אברהם —

**שרה:**

דאָס וואָלט שוין געווען גאָר, גאָר מאָדנע. ניין, ניט אברהם. ישראל האָט ער געהייסן. — ס׳קלעפּן זיך מיר די אויגן. כ׳מוז אַ דרעמל טאָן.

**אברהם:**

נו, גוט. דרעמלט. אויך מיינע אויגן קלעפּן זיך.

*ליגן. שווייגן.*

**קול**

*איבער די קעפּ פון זיי ביידן:*

אויפשטעלן צוריק דאָס הויז פון ישראל. — פאַרמערן צוריק דאָס פאָלק פון ישראל!

**אברהם**

אויפגעציטערט:

**וועמענס קול הער איך?**

**קול:**

**דער קול פון גאָט פון אברהם.**

**אברהם:**

**איר הערט? — צי מיר דוכט זיך עס?**

**שרה**

כאַפּט זיך אויף:

**וואָס איז? ווער רופט?**

**אברהם:**

**איר האָט ניט געהערט? —**

דער אומבאַקאַנטער ייד גייט פאַרביי.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**וואָס ליגט מען דאָ אויפן מיטן וועג?**

**אברהם**

שטעלט זיך אויף. דערקענט אים:

**איר זייט שוין ווידער דאָ לעבן מיר?**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**אוודאי בין איך דאָ. כ׳גיי קיין פּערנוואָלד וואוהין אַלע גייען.**

**אברהם:**

**גייט געזונטערהייט.**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

קוקט אויף שרהן אָנגעשטרענגט.

**שרה:**

**וואָס קוקט איר אויף מיר?**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**געפעלט אייך ניט ווי איך קוק?**



**שרה:**

**פון וואַנען קומט איר?**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**פון וואַנען זאָל איך וויסן?**

**שרה:**

**ווער זייט איר?**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**כביכול.**

**שרה**

מיט שרעק צו אברהמען:

**איר קענט אים?**

**אברהם:**

**געזען אים איין מאָל. אַ מענטש ניט מיט אַלעמען — איר זעט דאָך.**

**אומבאַקאַנטער ייד**

קוקט אַריין שרהן אין פּנים:

**ער האָט ניט קיין ווייב. ביסטו ש ו י ן זיין ווייב?**

**אברהם:**

**רעדט ניט קיין משוגעתן.**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**וועמענס זשע ווייב ביסטו?**

**אברהם:**

**גייט פון דאַנען, זאָג איך אייך.**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**און אַז ניט?**

**אברהם**

מיט כעס:

**גייט, זאָג איך!**

אַלטער פּליט קומט אָן. דער אומבאַקאַנטער ייד, ווי ער דערזעט דעם אַלטן פּליט, נעמט ער אַוועקאיילן, ווערט ניט.

אַלטער פּליט:

גאָט העלף, ייִדישע קינדער.

אברהם:

גאָט העלף, זיידע.

שרה:

איר קאָנט דעם מאַן מיטן בלינדן אויג?

אַלטער פּליט:

פאַרוואָס מיינסטו, טאָכטער, אַז איך דאַרף אים קאָנען?

שרה:

גלייך ווי ער האָט אייך דערזען איז ער אין פּחד אַנטלאָפן.

אַלטער פּליט:

יאָ, איך קאָן אים. נעמט ניט פאַר אומגוט. אַ ייד ניט פון דער וועלט.

שרה:

וואָס מיינט איר — ניט פון דער וועלט?

אַלטער פּליט:

דאָס וואָס עס איז.

שרה:

איר ווייסט ווי ער הייסט?

אַלטער פּליט:

ער אַליין ווייס ניט. פאַרוואָס פרעגסטו זיך אַזוי נאָך, טאָכטער?

שרה:

ס'האָט זיך מיר עפּעס ווי אַ ריס געטאָן אין האַרצן ווען כ'האָב אים דערזען.

אַלטער פּליט:

ניט שייך צו ריידן. דער מענטש געהערט ניט מער צו קיינעם.

שרה:

איר ענטפערט אַזוי מאָדנע; מעג מען פרעגן: ווער זייט איר, זיידע?



אַלטער פּליט:

אַוודאי. מען מעג פרעגן. אַ ייד, טאָכטער. אַ ייד. וואָס איז דער חילוק? אַ פּליט ווי אַלע פּליטים.

אברהם:

פון אַ קאַצעט?

אַלטער פּליט:

אַוודאי, ווי דען? יעדער ייד איז פון אַ קאַצעט. איר חידושט זיך, מסתמא, וואָס אַזאַ אַלטער ייד ווי איך, מיט אַ ווייסער באָרד, איז לעבן געבליבן, אויסגעמיטן דעם גאַז־קאַמער?

שרה:

טאַקע אַ נס.

אַלטער פּליט:

אמת, יידן, אַ נס. זייט מוחל מיין אַלטן קאָפּ וואָס ער איז ניט פאַר־ברענט, און וואָס קעפּ פון קליינינקע ייִדישע קינדער זיינען יאָ פאַר־ברענט. — זייט מוחל מיין אַלטן קאָפּ.

אברהם:

אויב איר בעט מחילה, היינט ווי וואָלט איך שוין באַדאַרפט בעטן?

אַלטער פּליט:

נו וואָס, מיין זון — אַ ייד דאַרף האָבן דריי מאָל כוח.

אברהם:

פאַרוואָס דריי מאָל?

אַלטער פּליט:

כוח צו שטאַרבן, און כוח צו לעבן, און — כוח צו וואַרטן.

שרה:

אויף וועמען?

אַלטער פּליט:

אויפן נאָענטסטן.

שרה:

און אַז ער קומט ניט?

**אַלטער פּליט :**

ער וועט מוזן קומען. און — יעדער ייד איז אַ נאָענטסטער. יעדער ייד וואָס קומט אַנטקעגן. יעדער ייד. — איר גייט דאָך אויך מסתמא קיין פּערנוואַלד.

**אברהם :**

יאָ, זיידע.

**אַלטער פּליט :**

ווען מיר אינאיינעם גיין.





# פינפטע סצענע

אַ שטיבל אין פערנוואַלדער לאַגער, מינכענער ראַיאָן. אין ביידע זייטן — דורכאויס בעטן, געטאָפּלט איינע איבער די אַנדערע, ווי אין אַ קאַזאַרמע. האַרטע שטרוי־מאַטראַצן, אָן ליילעכער, אָן ציכן. אויף די ווענט — ארץ־ישראל־לאָזונגען, פרימיטיווע מאָלערייען אין שייכות מיט דעם. אין מיטן סטעליע ברענט אַ טונקל לעמפּל. שפּעט אין דער נאַכט. לאַגערניקעס־פּליטים אויף די בעטן; זיי שלאָפן נאָך נישט. דער אַלטער פּליט זיצט אין פאָרנט אויף אָן אונטערשטן בעטל. יצחק שפּאַנט אַרום הין און צוריק צווישן דער ריי בעטן, אויפגערעגט.

**אַלטער פּליט :**

וואָס לייגסטו זיך ניט אויף דיין געלעגער, מיין זון? וואָס יאָגסטו אַרום הין און צוריק? שוין האַלבע נאַכט. צייט צו רוען.

**שמעון :**

זאָל ער אַרומשפּאַנען, זיידע. זאָל ער. ס'איז פריילעכער.

**יעקב :**

אַז ס'איז ניטאָ וואָס צו טאָן, איז אַרומשפּאַנען אויך אַ מלאכה.

**יצחק :**

ביי איך איז אַלץ אַ שפּאַס. און איך זאָג איך — אין דר'ערד אַריין!

**יעקב :**

וואָס אין דר'ערד אַריין?

**יצחק:**

אַט דאָס גאַנצע ליגן וואָס כ׳יר ליגן דאָ. שוין באַלד דריי חדשים זינט דער כפרה פונעם ימח שמו. און — וואָס? אַ תכלית צו ליגן דאָ אין פערנוואַלד? ווידער אַ לאַגער. ווידער. מען קען צעפּלאַצט ווערן.

**איינער:**

ריכטיק ווי גאָלד.

**יצחק:**

דער זיידע זאָגט — רוען. ווי קאָן מען? ליגן אויפן שמוציקן אונראַ־מאַטראַץ? ליגן און קוקן אויף דער סטעליע? אומזין, זאָג איך אײַך, צו זיצן דאָ אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשער ערד. אומזין.

**יעקב:**

פאַרשאָלטענע ערד איז טאַקע אמת.

**אַלטער פּליט:**

וואָס־זשע ווילסטו זאָלן מיר טאָן, מיין זון?

**יצחק:**

גיין פון דאַנען, זיידע. גיין קיין ארץ־ישראל. גיין מיט גוואַלד, מיט גוואַלד.

**אַלטער פּליט:**

הלוואי קאָן מען.

**יעקב:**

גוט צו זאָגן: גיין מיט גוואַלד. אָבער ה׳י מאַכט מען עס, ווען די גאַנצע וועלט איז פאַרשלאָסן פאַר אונדז?

**יצחק:**

אין דר׳ערד אַריין מיט דער וועלט! או; וואו זיינען די יידן פון אומעטום? פאַרוואָס קומען זיי ניט אַרויסצונעמען אונדז פון דאַ־נען? — וואו זיינען די יידן פון רוסלאַנד, פון ענגלאַנד? וואו זיי־נען די יידן פון אַמעריקע? איך פרעג אייך: וואו זיינען די יידן פון אַמעריקע? — די איינציקע וואָס זיינען געקומען צו אונדז, זיי־



נען די יידן פון ארץ־ישראל פון דער בריגאַדע. זאָלן זיי אונדז פירן קיין ארץ־ישראל. זאָלן זיי אונדז פירן. —

**אַלטער פּליט:**

בטחון, מיין זון, בטחון. אַלץ וועט קומען ווי עס באַדאַרף קומען.

**יצחק:**

אַזוי? אַלץ?

**אַלטער פּליט:**

סך־הכל אַ פּאָר חדשים, אַז מיר זיינען דאָ אין פערנוואַלד.

**יצחק:**

איז דאָס אייך ווייניק, זיידע? אפשר מיינט דער זיידע, אַז מיר דאַרפן אויך דאָ זיצן ניט חדשים, נאָר יאָרן? אין היטלערס לאַגער — יאָרן, און איצט אויך דאָ, אין פרייען לאַגער, מ׳שטיינס געזאָגט, — אויך דאָ יאָרן? טפו!

**אַלטער פּליט:**

דערווײַלע, מיין זון, לייג זיך און רו. יידן ווילן שלאָפן. מידע יידן, טייערע יידן ווילן שלאָפן. און דו שטערסט זיי.

**שמעון:**

ער שטערט אונדז ניט, זיידע. צייט אויף שלאָפן האָבן מיר דאָ גע־נוג, ברוך השם.

**יצחק**

גיט זיך אַ שליידער מיט האַסט אויף זיין געלעגער. בלייבט ליגן.

**יעקב:**

און איך וואָלט גאָר געוואָלט וויסן וואָס אַ שטייגער האָט אונדזער כראָניקער פאַרשריבן היינט וועגן דער ערשטער חתונה, וואָס דאַרף, אם ירצה השם, פאַרקומען די טעג אין לאַגער ביי אונדז.

**אַלטער פּליט:**

אָן אַ שפּאָס גיסטו זיך, יעקב מיין זון, ניט קיין ריר.

**כראַניקער:**

עס מאַכט ניט, זיידע, אַז ער שפּאַסט.

**יעקב:**

חלילה. דאָס מאָל שפּאַס איך ניט, זיידע. ס׳געפעלט מיר זייער שטאַרק וואָס ס׳איז דאָ צווישן אונדז איינער וואָס פאַרשרייבט אַלץ.

**כראַניקער:**

אַ דאַנק פאַר אַ גוט וואָרט.

**אַלטער פליט:**

פאַרשרייבסטו טאַקע אַלץ, מיין זון?

**כראַניקער:**

ווער בין איך דען, זיידע, איך זאָל קאָנען אַלץ פאַרשרייבן? צו פאַרצייכענען נאָר די יסורים פון אַן איינציקן ייִדן פון צווישן אונדז וואָלט דאָך מיר גענומען ווער ווייס ווי לאַנג. היינט פאַרצייכענען די רשעות פון אַן איינציקן, להבדיל, נאַצי־תליון —

**אַלטער פליט:**

פאַרנעם זיך ניט צופיל, מיין זון, מיט דער רשעות פון אונדזערע פייניקער. פאַרנעם זיך מיט די געפייניקטע, אָבער ניט מיט די פייניקער. הער, מיין זון, וואָס איך זאָג דיר. וועסט, חלילה, פאַר־פאַלן ווערן אין דעם. ס׳איז אַ תהום אין לשער. איך זאָג דיר.

**כראַניקער:**

גאָלדענע ווערטער, זיידע.

**אַלטער פליט:**

פאַרשטייסט וואָס איך מיין, מיין זון. —

**יעקב:**

אויב אַזוי זאָל אונדזער היסטאָריקער פאַרצייכענען בעסער די וויכוחים וועגן דער קומענדיקער ערשטער חתונה ביי אונדז אין לאַגער. איך מיין עס ערנסט, כאָטש אַן ענין איז עס אַ פריילעכער. פאַראַן צווישן אונדז אַזעלכע וואָס זאָגן, אַז ס׳איז נאָך צו פרי פאַר אַ שארית הפליטה־ייִד חתונה צו האָבן צום צווייטן מאָל. אָבער דער



רוב ייִדן זאָגט אַז פאַרקערט — דער ימח שמו האָט געוואָלט אונדז אומברענגען, קיין זכר זאָל ניט בלייבן פון אונדז — ווילן מיר אים באַווייזן אַז —

**יצחק**

שלאָגט איבער מיט כעס:

אַז וואָס? — אַז וואָס?

**יעקב:**

פראַווען אַן ערשטע חתונה נאָך דעם גאַנצן חורבן אונדזערן, איז אַזוי וויכטיק ווי גיין קיין ארץ־ישראל. יאָ, איך זאָג אייך —

**איינער:**

שוין איין מאָל אַ פאַרגלייך! — אגב, איר רעדט דאָך מסתמא וועגן מיין שכן, וועגן אברהמען — פרעג איך אייך: וואו וועט ער זיך אַהינטאָן מיט זיין ווייב נאָך דער חופה? אַז סך־הכל זיינען אַלע באַ־ראַקן איבערגעפּאַקט. ער וועט זי דאָך ניט אַריינגעמען אַהער אין באַראַק צו אונדז.

**צווייטער:**

פאַרוואָס ניט? מיר וועלן זיי אָפּגעבן דעם ווינקל רעכטס מיט די צוויי בעטן. איבערהענגען מיט אַ ליילעך און — פאַרטיק אַ צימער.

**דריטער:**

מען דאַרף זיין משוגע —

**יעקב:**

אויב אַזוי זאָלן אַלע אונדזערע ייִדן בלייבן, הייסט עס, אלמנס ווי זיי זיינען, און אַלע אונדזערע פרויען זאָלן אויף אַלעמאָל שוין בלייבן אלמנות? אַ שיינער תכלית וועט עס ווערן פון דער גאַנצער שארית הפליטה! קיין איין קינד ניטאָ ביי אונדז אין לאַגער. קיין איין קינד. היטלער האָט אויסגעפּירט. פאַרטיליקט אַלע אונדזערע קינדער כמעט. און וואָס איז אַ פאָלק אָן קינדער, האַ? — וואָס זאָגט איר, זיידע, דערויף?

**אַלטער פּליט:**

איך זאָג — אלו ואלו דברי אלקים חיים. בײדע טענות זײנען גערעכט.

**אַ צװײטער:**

װער־זשע אָבער איז גערעכטער?

**אַלטער פּליט:**

לפי דעתי טוט אברהם ריכטיק. װי גאָט האָט געבאָטן. אַ סימן: אַלע ײדן אין לאַגער נעמען זיך עס נאָענט צום האַרצן, װי ס'װאָלט געװען אַלעמענס ענין. פון דעם איז אַ ראיה אַז ס'איז גאָטס רצון דערבײ.— ס'װעט זײן, רבותי, ניט נאָר אַ כשרע חתונה, נאָר, בפירוש, אַ חתונה של מצװה.

**יעקב:**

אויב אַזוי, זײדע, װעל איך טאַקע זײן דער בדחן.

**אַלטער פּליט:**

אַז קהל װעט מרוצה זײן.

**יעקב:**

כ'װעל צוטראַכטן די ריכטיקע גראַמען. ניט קײן קלײניקײט — אַן ערשטע חופּה בײ דער שארית הפּליטה. מײנע שכנים הירש און נחמן האָבן געזאָלט אויסמײסטרעװען די חופּה־שטאַנגען און אויסזוכן זײדן־שטאָף פאַר עטלעכע חופּה־קלײדער.

**ערשטער:**

װאָס מײנט — עטלעכע?

**יעקב:**

זאָל נאָר אברהם מאַכן דעם אָנהײב, װעט איר זען װיפל חופּות מירן האָבן יעדן אָװנט. היטלער װעט בײ יעדער חתונה מוזן אויפכאַפּן זיך און אויפסנײ קראַפּירן.

ס'קומען אַרײן הירש און נחמן. אײנער טראָגט אַ פּאַק אין האַנט, דער צװײטער — פיר שטאַנגען. יעקב גײט זײ אַנטקעגן.



אַט זײנען אונדזערע מײסטערס — אונדזער סטאָליער און אונדזער שנײדער. פאַרװאָס אַזוי שפּעט?

**הירש:**

איר מײנט אַז חופּה־קלײדער נײען זיך אַלײן אויף? קוים געקראָגן אַ שטיקל נײ־מאַשין. אָבער געקראָגן. די דײטשע שטיבער זײנען פול מיט אַזױנע מאַשינען. פאַרשלעפּטע געװיס פון די ײדישע שטיבער פון אַ װאַרשע, פון אַ װילנע, פון אַ לובלין. אויך לײכטער ײדישע האָב איך געפונען און צוגענומען. אַט זעט.

װיקלט פונאַנדער ס'פּעקל, נעמט אַרויס צװײ מעשענע לײכטער. יעקב כאַפּט די לײכטער, דריקט זײ צו דער ברוסט.

**יצחק:**

הערט אויף! לאָזט אָפּ!

**אַלטער פּליט:**

שרײסטו װידער, מײן זון. —

**יצחק:**

איך שרײ ניט. אָבער זאָל ער ניט טוליען צום האַרצן קײן טויטע לײכטער. זאָל ער ניט. איך קען עס ניט צוקוקן.

**יעקב:**

אָבער די חופּה־קלײדער אָנקוקן מעגן מיר?

**הירש:**

זײ זײנען נאָך ניט פאַרטיק. ניט גוט זײ פונאַנדערצונעמען איצט. איר מעגט אָבער בטוח זײן אַז ס'װעלן שוין אײן מאָל זײן חופּה־קלײדער! איך זאָג אײַך.

**נחמן:**

און מײנע חופּה־שטאַנגען באַהאַונדערט איר גאָרניט? אַ גאַנצן טאָג אין דער סטאָליאַרניע אָפּגעזעסן און געאַרבעט. דער גאַנצער לאַגער איז געקומען אָנקוקן װי איך שניץ. — און איר ליגט אײַך דאָ רואיק און — גאָרניט. — זעט, זײדע, אַ שניצונג. זעט, אויב איר זײט אַ מבין.

**אַלטער פּליט:**

**שייך אַ מבין —**

באַקוקט די שניצונגען.

**אוי, טאַקע שיין, טאַקע אמתע יידישע שניצונגען.**

ס׳קומט אַריין אברהם.

**יעקב:**

**שאַ — אָט איז דער חתן אַליין.**

**אברהם**

זעצט זיך אויף זיין בעטל:

**געמיינט אַז איר שלאָפט שוין אַלע.**

**יעקב:**

**מחותנים שלאָפן ניט איין אַזוי שנעל.**

**אברהם:**

**וואָס מיינט איר צו זאָגן?**

**יעקב:**

**איך מיין — מיר גרייטן זיך צו אייער חתונה — זיינען מיר מחותנים.**

**אברהם**

אומגערן:

**הערט אויף, זאָג איך.**

**יעקב:**

**איך גרייט מיך צו זיין דער בדחן.**

**אברהם**

מיט אויפרעגונג:

**איך ווייס בכלל ניט פאַרוואָס איר מאַכט אַלע אַזאַ טאַראַראַם דער־פון. אַלע מישן זיך. אַלע. אַך, רבונו דעלמא!**



**יעקב:**

**מיר מיינען דאָך גוט. דער לאַגער נעמט עס אויף ווי אַן אייגענע שמחה, ווי ז י י ן חתונה.**

**אברהם:**

**מיר איז גאָר ניט אַזוי שמחהדיק אויפן האַרצן, ווי איר מיינט.**

**יעקב:**

**קיינער מיינט עס ניט. אין כעס אָבער דאַרף מען ניט זיין.**

**אברהם**

שטיל, פאַרטאָיעט:

**כ׳בין ניט אין כעס. זייט מיר מוחל אַלע.**

**יעקב:**

**אַז איר הייסט אַברהם, און איך הייס יעקב, און אָט ער —**

ווייזט אויף יצחקן.

**ער הייסט יצחק — מסתמא איז דאָך עפּעס דאָ אין דעם. ווי מיינט איר? — איך זאָג: מחותנים; אפשר מער נאָך ווי מחותנים. אפשר מער.**

**יצחק**

שפּרינגט אויף:

**איך בין ניט קיין מחותן און איך האַלט ניט פון קיין חתונות אין לאַגער. איך האַלט ניט. מישט מיך ניט אַריין.**

**נחמן**

צו אברהמען:

**גיט זשע כאַטש אַ קוק אויף די חופה־שטאַנגען. דאָך פאַר אייך זיי געשניצט. פאַר אייך.**

**אברהם:**

**אַ דאַנק. אָבער כ׳האָב ניט געבעטן.**

**נחמן:**

**געשניצט זיי פאַר אייך און — פאַר אַלעמען. גיט כאַטש אַ קוק.**

**אברהם**

דרייט זיך צונויף. זיין קול ברעכט זיך. מיט געבעט:

**וועז איר ווייסט ווי שווער מיר איז אויפן הארצן. — אך, ווען איר ווייסט — וואלט איר מיך צו רו געלאזט. איך בעט אייך, לאזט מיך צו רו. איך בעט אייך.**

**יצחק:**

שפרינגט ווידער אויף. מיט געשריי:

**אַ מענטש בעט זיך איר זאָלט אים צו רו לאָזן — וואָס־זשע קאָנט איר עס ניט פועלן ביי זיך? — אין דר׳ערד אַריין! אין כף־הקלע אַריין! — מיט די חופה־קליידער, מיט די שטאַנגען, מיט אַלץ מיט אַן אַנדער!**

**אברהם:**

**ליבער יצחק, צו וואָס אַזוינע געוואַלדן? אויב צוליב מיר — באַ־ דאַרף מען עס ניט. בנאמנות, די יידן מיינען דאָך גוט.**

**יצחק:**

**וואָס מיינען זיי גוט? וואָס? זאָלן זיי זיין שטיל. זאָלן זיי מיר ניט זעגן איבער די נערוון. חתונה — חתונה — אָבער די טויטע אונדזערע וועלן דען אויפשטיין ווען צוריק? איך פרעג אייך אַלעמען: — די אומגעקומענע אונדזערע וועלן זיך נאָך ווען עס איז פרייען, האַ? איך פרעג אייך —**

**יעקב:**

**אפשר וועלן זיי טאַקע אויפשטיין. אפשר וועלן זיי טאַקע קומען —**

**יצחק:**

**רעדט מיר ניט קיין אומזין. מיין מאַמע וועט ניט קומען. ניט קומען. ניט קומען.**

**אברהם:**

**פונדעסטוועגן באַרואיקט אייך. איך בעט אייך. איר ווייסט — איך האָב געהאַט אַ זון, אַ יינגעלע, האָט ער אויך געהייסן יצחק — יצחקל —**



**יצחק**

ווערט נאָך מער אויפגעשרויפט:

**נו, איז וואָס? איז וואָס?**

**אברהם:**

**וואָס זאָל זיין? כ׳מיין פשוט: יעדעס מאָל ווען כ׳גיב אַ טראַכט וועגן אים, ווילט זיך מיר אייך אַרומנעמען.**

**יצחק:**

**צו וואָס? — כ׳האָב קיינעם ניט. אַלע מיינע זיינען אומגעקומען. און פון טויט שטייט מען ניט אויף. פון אַ קרעמאַטאָריע־טויט — אוודאי ניט. איר האָט געהאַט אַ יצחקל — נו, שטייט ער דען אויף? — איר זייט מיר אַלע אויף די נערוון! — פון טויט שטייט מען ניט אויף! מען שטייט ניט אויף!**

גיט זיך אַ שליידער אויף זיין בעט. אַ געוויין שפּאַרט פון אים. אַלע פיבערן אויף.

**אַלטער פּליט**

ער וואַרט ביז יצחקס געוויין פאַלט אָפּ:

**אויסוויינען זיך אַ ביסל שאַדט ניט, מיין זון. שאַדט ניט. אָבער צופיל וויינען טאָר אַ ייד ניט, און כעסן זיך אויף אייגענע יידן; טאָר מען אוודאי ניט. אַ ייד אויף אַ יידן דאַרף זיך ניט שליידערן, מיין זון, — ניט בשעת צער און אַפילו ניט בשעת צאָרן. וואָרעם אַ ייד אַ יידן דאַרף קאָנען סובל זיין, אַ פשיטא שוין יידן וואָס רופן זיך מיט די נעמען פון אונדזערע הייליקע אבות. וואָרעם ניט על־פי מקרה הייסט איר אברהם, יצחק און יעקב, און ניט על־פי מקרה זייט איר גראָד לעבן געבליבן. אַ, הלוואי וואָלט אַזוי געהאַלטן שוין מיט אונדזער משיח צדקנו, ווי ס׳האַלט מיט אייך, יידן מיינע טייערע.**

**אברהם:**

**וואָס באַטייטן אייערע רייד, זיידע?**

**שמעון:**

**וואָס איז געשען מיט משיח צדקנו? וואָס ווייסט איר, זיידע?**

**אַלטער פליט:**

הערט זיך איין, רבותי, יידן מיינע טייערע. דער יונג יצחק אהובי האָט מיר ס׳האַרץ צענומען, אַז כ׳קאָן אים גאָר אַפילו קיין מוסר ניט זאָגן. און דאַרפן וואָלט איך אים באַדאַרפט זאָגן אַ סך מוסר. גאָר אַ סך. וואָרעם, היתכן, אַז אַ ייד זאָל ניט האָבן קיין שליטה איבער זיין צער? און צער — אַנשטאָט עס זאָל ווערן פון אים אהבה צו אייגענע ברידער, זאָל גאָר ווערן פון אים צאָרן אויף אייגענע ברידער. דאָס טויג ניט, רבותי. דאָס איז ניט אין דרך. — אויב ווער פון אייך קאָן ניט גובר זיין אין זיך זיין צער — היינט וואָס וואָלט שוין באַדאַרפט טאָן אַ ייד ווי, למשל, דער אַלטער אליהו הנביא אַליין, וואָס האָט מיט די אייגענע אויגן צוגעזען ווי משיח צדקנו איז געגאַנגען צום קרעמאַטאָריע־פייער, געזען אַפילו ווי דאָס פייער האָט אים אַרומגעכאַפּט — געזען —

דער אַלטער פאַרדעקט זיך ס׳פּנים מיט די הענט אויף אַ ווײַלע.

אדרבה — זאָגט מיר — אדרבה —

**שטימען:**

וואָס קאָנען מיר זאָגן, זיידע? — מאָדנע רייד רעדט איר, זיידע.

**אַלטער פליט:**

פאַרוואָס מאָדנע? פאַרוואָס פרעגט איר ניט: ס׳טייטש? ווי האָט ער, אליהו הנביא, געקאָנט פועלן ביי זיך בשעת מעשה ניט אויפצוהייבן קיין גוואַלד־געשריי?... וואָרעם אליהו הנביא — דאַרפט איר וויסן זיין, רבותי, — הגם ער איז שוין זייער אַלט און אַ סבלן, און איבערמטופל מיט צער, אָבער אַז מען דאַרף אויפהייבן אַ געוואַלד צום בורא עולם צוליב די יסורים פון עם ישראל, הייבט ער אויף. אָבער גראָד דאָ — גראָד דאָ איז דעם אַלטן אליהוס געשריי געבליבן שטעקן אים אין האַלדז און בשום אופן ניט געקענט אַרויסרייסן זיך. בשום אופן ניט. דעם אַלטנס ליפּן זיינען אַזוי ווי פאַרפרוירן געוואָרן מיטאַמאָל, זיינע ברעמען האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן, אַזוי ווי אַ שלאָף וואָלט אים אין מיטן דעריבער באַפאַלן. און באמת, רבותי, — אין מיטן דערינען נעמט אַ שלאָף און באַפאַלט אים. און דערצו נאָך, רבותי: — דער שלאָף איז אַ זיסער. אַזוי גרויס איז געווען זיין נשתומם ווערן און נאָך גרעסער — זיין התפעלות. — אַי וויי, אַי וויי! — נעמט אייך איצט אַריין אין דמיון, רבותי, אַז ניט אַלייז משיח צדקנו געגאַנגען צום קרעמאַטאָריע־אויוון, נאָר מיט אַ גאַנצער עדה פון טויזנטער יידן. און ניט בראש איז ער געגאַנגען, נאָר אין מיטן פון דער עדה און. אַמאָל, גאָר ביים סוף, אויסגעמישט מיט אַלע אָפּגעשוואַכטע, מיט אַלע אָפּגעשטאָנענע און פאַרצווייפלטע. ער גייט און ער טרייסט זיי. און אים אַליין ברעכן זיך די קני פון מידקייט, פון הונגער און פון דורשט. דעם קאָפּ אָבער זיינעם האַלט ער אויפגעהויבן הויך, און זיין אויפגעהויבנקייט האָט אַ שליטה אויף די איינגעבראָכענע און פאַרגרויליקטע. און ווען אַ ייד וואָס גייט לעבן אים, אַ קראַנקער און אַ האַלב־בלינדער זקן, נעמט אַראָפּזינקען צו דער ערד, כאַפּט ער אים אַרויף אויף זיך, אויף זיינע אַקסלען, און טראָגט אים, און גייט ווייטער מיט דער עדה גלייך צום אויוון וואָס אין דאַכאַו. וואָרעם דאָס איז געווען אין דאַכאַו. יאָ, רבותי, אין דאַכאַו איז עס געווען. אָט ניט ווייט פון דעם אָרט וואו מיר זיינען איצט. — — —און אַז די מחבלים, וואָס האָבן געטריבן די עדה, האָבן דערזען ווי איין ייד טראָגט אַ צווייטן אויף די אַקסלען, האָבן זיי פונאַנדערגעפּאָכעט איבער זיי ביידע זייערע בייטשן און זייערע געלעכטערס, און זיי האָבן אַראָפּגעשלעפּט דעם קראַנקן בלינדן ייד פון משיח צדקנוס פּלייצעס און האָבן אים גענויט צו גיין צום גאַז־קאַמער אָן עמעצנס הילף. און דאָ האָט דער אַלטער אליהו, וואָס האָט עס אַלץ, אַזוי ווי אין אַ פאַרגלגולטן שלאָף, צוגעזען, ניט געקענט מער אויסהאַלטן, און ער האָט גענומען רופן אויפן קול, — זייט זיך משער, רבותי, — אַזוי צו זאָגן: זון מיינער, משיח צדקנו, וואָס טוסטו? וואוהין גייסטו מיט דיין אייגענעם רצון? אויף וועמען לאָזטו מיך איבער, מיך, אליהון, אין מיין אַלטקייט? — איז געקומען אַן ענטפער: „איך גיי מיט די יידן אַהין, וואוהין זיי אַלע גייען. מיין אָרט איצט איז צווישן זיי, מיט זיי און ניט אָן דער זייט פון זיי״. — — און זייט זיך משער, רבותי, אַז איך, דער אַלטער פליט, וואָס זיך אָט דאָ מיט אייך, רייד עס בשם אליהו און זאָג די זעלבע ווערטער: זון מיינער, אויף וועמען לאָזטו מיך איבער? — און דערנאָך זאָג איך ווייטער: וואָס טוסטו־אויף, חביבי, אַז דו גייסט מיטן אייגענעם רצון צום גאַז־קאַמער? — הער איך ווי ער ענטפערט: „ניט איך טו עפּעס אויף. נאָר אהבת־ישראל טוט אויף; וואָרעם קיין זאַך דאַרף איך היינט מער ניט אויפטאָן,

ווי נאָר אויספּ־רן דעם רצון פון אהבה צו עם ישראל, וואָס גייט צום גאַז־קאַמער". — און איצט זייט זיך משער, רבותי, אַז איך רייד ווייטער בשם אליהו און איך זאָג: דיין שליחות, מיין זון, איז דאָך צו זיין אַ מציל ומושיע, אַ גואל, אַ מלך המשיח, און מען וואַרט דאָך אויף דיר, אַז דו זאָלסט ק ו מ ע ן. — הער איך ווי ער ענטפערט: „אַזאַ איז געווען מיין שליחות פ אַ ר דאַכאַו, אָבער בימי דאַכאַו איז מיין שליחות: צו טראָגן אויף די פּלייצעס אַ בלינדן ייד, וואָס קאָן אַליין ניט דערשפּאַנען צום גאַז־קאַמער און צום פייער. טראָגן און דערטראָגן אים, און ניט איבערלאָזן אים אַליין אין פייער, נאָר ז י י ן מיט אים דאָרט, זיין מיט אים צוזאַמען אין פייער". — אַזוי בפירוש האָט ער געזאָגט. — פרעג איך ווייטער בשם אליהו: בני יקירי, אַז דו וועסט פאַרברענט ווערן און ניט זיין מער, וואָס וועלן אָן דיר טאָן די יידן וואָס וועלן בלייבן לעבן? — אויף דעם האָט ער געענטפערט: „א י ך וועל ניט זיין, אָבער מיין אַש וועט דאָך פאַרבלייבן און זיין. —" דאָ, רבותי, נעמט דער אַלטער אליהו און צעוויינט זיך שטאַרק און זאָגט: ווי יועט ד י װ ע ל ט האָבן אַ קיום אָן דיר? — איז געקומען זיין ענטפער: „וויין ניט, נביא, וויין ניט. די וועלט איז פון היינט און ווייטער פ אַ ר מ ש פ ט צו האָבן אַ קיום".—אָט מיט די ווערטער, רבותי: „די וועלט, האָט ער געזאָגט, רייסט זיך צו אומקומען. גוואַלד־טויט איז איר תאווה, איר שמחהדיקע תשוקה. זי באַגייט אַלע רשעות און זינד כדי צו דערגרייכן איר העכסטע לעצטע גלוסטונג: ח ו ר ב ן. פאַרמשפט איך זי דעריבער צו ק י ו ם. און נאָך מער פאַרמשפט איך זי צ ו צ ד ק א ו ן צ ו י ו ש ר. די וועלט וועט זיך שליידערן אין איר שנאה צו קיום און צו צדק, זי וועט רייסן די הויט פון זיך, — אָבער איך האָב זי פאַרמשפט צו צדק און צו יושר, און זי וועט מוזן דעם פסק אָננעמען. זי וועט זיך אַזוי לאַנג שליידערן, ביז דאָס ליכט פון אהבת־ישראל וועט זי דורכנעמען און זי וועט —" און דאָ, זייט זיך משער, רבותי, האָט ער מיטאַמאָל איבערגעריסן, ווייל די דייטשע מחבלים האָבן אים ווידעראַמאָל גענומען שלאָגן מיט זייערע קנוטן און שווערדן, און זיי האָבן אים אַריינגעטריבן אין דער קרעמאַטאָריע. און ווען מען האָט אים אַריינגעוואָרפן אין פייער־אויוון, האָבן די פלאַמען געגעבן אַ שפּרונג אָפּ פון אים, ווי אַמאָל בשעת מען האָט אַריינגעוואָרפן אברהם אבינו אין קאַלך־אויוון. אָבער משיח צדקנו



האָט זיך גענומען בייזערן אויף די פייערן און גוזר געווען אַז זיי זאָלן אים ניט שאַנעווען, אַזוי ווי זיי שאַנעווען ניט איעדן פשוטן ייד. און די פייערן האָבן אים אַרומגעכאַפּט, און ער האָט גענומען ברע־נען. און ווי ער האָט גענומען ברענען אַזוי איז אים נתגלה געוואָרן דער סוד ווי מכוון צו זיין אַז ברענענישן זאָלן ניט וויי טאָן; האָט ער זיך נאָך מער צעבייזערט און גוזר געווען, אַז דער סוד זאָל צוריק ווערן סוד, כדי ער זאָל ניט אויסגעטיילט זיין פון אַלע יידן וואָס פלאַקערן און שרייען פ־ן ווייטיק, און ער זאָל מיט אַלעמען גלייך שרייען אויף אַלע וויי־קולות, אויף אַלע גוואַלדן —

דעם אַלטנס קול נעמט זיך שטיקן, זיין קאָפּ נעמט זינקען.

אַזוי, רבותי, יידן מיינע ליבע. האָב איך עס במסורה פון דעם וואָס האָט עס מיר מגלה געווען, — מיר, ווי איר קוקט מיך אָן, דעם אַלטן פּליט.

הייבט אויף דעם קאָפּ צוריק.

און איצט, רבותי, ווער פון אייך וועט נאָך ווייטער זאָגן, אַז ער קאָן ניט מער גובר זיין אין זיך זיין צער און זיין צאָרן מחמת ער טראַכט נאָר וועגן זיך אַליין? — האָ, ווער? זאָגט, אדרבה, ווער?

אַלע זיצן דורכגענומענע, דערשטוינטע. דער אַלטער פּליט קריכט אַראָפּ פון בעטל, פאַרוואַרפט אויף זיך אַ זעקל, נעמט אַ שטעקן אין האַנט און לאָזט זיך גיין צום אַרויסגאַנג פונעם באַראַק. אַלע קוקן אים אָן געפּלעפט.

**יעקב:**

וואוהין גייט איר, זיידע? — אַזוי שפּעט אין דער נאַכט.

**אַלטער פּליט:**

זייט געבענטשט, קינדערלעך; האָט בטחון. כ'וועל אין גיכן צו־ריקקומען. צוריקקומען.

אָפּ.



# זעקסטע סצענע

אויפן ברודער־קבר אין דאַכאַו. נאַכט. דער אַלטער פּליט זיצט ביים איינציקן סימן אַז ס'איז אַ קבר — ביי אַ היל־צערנעם מגן־דוד וואָס שטייט אַריינגעשטעקט אין דער ערד.

**אַלטער פּליט:**

שטייט אויף, יידן, פונעם קבר,
אַפילו ווען נאָך ניט די גאולה־שעה —
כ'זאָל קאָנען זען צי איז אויך ניט משיח
מיט אייך אין דאַכאַו־קבר דאָ.

איך האָב געהיט, געהיט, געהיט אים
אין חלומדיקן מדבר יאָר נאָך יאָר,
און כ'האָב אים, ווי מיר, ניט געקאָנט פאַרהיטן
אין היינטיקן גאַז־קאַמערדיקן דור.

איך האָב אים, ווי מיר, פון מיין אויג פאַרלוירן,
דערנאָך געזען אים ווי ער איז אַליין
אַוועק מיט אַלע געטאָ־יידן
דעם פייער־וועג צום פייער־טויט צו גיין.

אַז ווי מיר, ווייל אַזוי האָט עס געטראָפן,
אַז ווי מיר, ווייל אַזוי איז עס געשען, —
זאָל וואויל זיין איצט אייך אַלעמען צו וועקן,
כדי אויפסניי אים צווישן אייך דערזען.

אַז ווי, איר זאָלט דערנאָך באַדאַרפן
צוריק זיך צודעקן מיט דאַכאַו־ערד; —
זאָל וואויל זיין, אויב כ'וועל ווידער אים געפינען,
און ער זאָל ווייטער זיין משיח ווי באַשערט.

שטייט אויף, שטייט אויף, יידן קדושים,
איך זאָל דערזען משיחן צווישן אייך,
כ'דעק צו מיין קאָפּ מיט האָפענונג און טרויער, —
אַז ווײ, אַז וואויל — אַז ווײ צוגלייך.

דער מגן־דוד גיט זיך אַ בויג אָן דער זייט, די ערד צעעפנט זיך. ס'נעמען אַרויפקומען די אומגעקומענע איינע נאָך די אַנדערע אין מחנות, לאָזן זיך גיין און דערווייטערן זיך אין דער טיפער נאַכטיקייט. זייער גיין און דער אופן פון זייער ריידן — פשוט און נאַטירלעך, ווי ס'וואָלט ניט געווען קיין חילוק צווישן טויט און לעבן.

**ערשטער:**

דו רופסט אונדז אויפשטיין, אַלטער נביא, —
מיר דאַרפן אויפשטיין היינט סיי־ווי.
גאַנץ פּערנוואַלד איז אויף און גרייט זיך
אַ גאַנצן טאָג, פון סאַמע פרי.

**צווייטער:**

אַ חתונה אין פּערנוואַלד, אַ חופּה,
אָן אמתע — כדת־כדין,
איז לאָזן מיר זיך אַלע איצט בצבור,
איז לאָזן מיר זיך אַלע איצט אַהין.

**דריטער:**

אַזאַ געשעעניש — אַ נס מן השמים,
אַ חתונה ביי יידן נאָך אַזוי פיל פּיין.

**פערטער:**

אַ חופּה נאָך אַזוי פיל ברודער־קברים.

**פינפטער:**

אַ חתונה מיט קלעזמער און מיט וויין.



**זעקסטער:**

פאַרגעסט ניט קיינער אָן דעם עיקר:
ניט גלאַט אַ חופּה — עפּעס מער,
אָן ערשטע חופּה ביי דער שארית הפּליטה.

**אַלטער פּליט:**

האָט אייך גערופן, צי פאַרבעטן ווער?

**זיבעטער:**

אַ שאלה פרעגסטו, גוטער נביא!
פון יעדן פּליט קומט אַ תפילה אָן:
גייט פירן חתן־כלה צו דער חופּה,
איר אַלע מחותנים זעקס מיליאָן.

**אַכטער:**

און דו ביסט, זיידע, ניט פאַרבעטן?

**אַלטער פּליט:**

געווענדט איז אויך צו מיר דער תפילה־רוף.

**ניינטע**

אַ פרוי:

פונדעסטוועגן געמעגט אַ ביסל וואַרטן
מיט יאָגעניש מהנה זיין דעם גוף.

**צענטער:**

אַ יאָר צי צוויי כאָטש וואַרטן,
ביז וואַנען ערד, ביז וואַנען שטיין
צערייבן ווען און פאַרמעקן
דעם אָנדענקען פון אונדזער אַלעמענס געביין.

**אַלטער פּליט:**

ניט רעכט אַזוי צו ריידן.

**עלפטער:**

ס'איז גרינג צו מוסרן: ניט רעכט —
פאַר איינעם וואָס זיצט אויבן אויף די קברים,
און ליגט ניט אין דער ערד דורך טעג און נעכט.

**צוועלפטער:**

פאַרגעסט ניט אַז איר רעדט צום גוטן נביא,
צו אונדזער אליהו — אונדזער טרייסט.

**עלפטער:**

מיין ליבשאַפט איז ניט קלענער פון מיין צאָרן
צו אים אויך איצט, דער גוטער נביא ווייסט.

**דרייצנטער:**

וואָס קומט אַרויס פון ווערטער־טרייסטונג,
אַז איצט אַפילו איז צו תחיה ווייט —
אַפילו איצט, נאָך אוישוויץ און נאָך דאַכאַו,
איז אַלץ נאָך פאַר גאולה ניט די צייט.

**פערצנטער:**

מיר קאָנען אַלץ פון קבר נאָך ניט אויפשטיין
צו ווערן לעבעדיק ווי ס'דאַרף צו זיין, —
מיר קומען איצט אַרויף נאָר אויף אַ ווײַלע,
כדי צוריק אין קבר באַלד אַריין.

**פופצנטער**

אַ יינגעלע:

איך וועל צוריק ניט גיין, איך וועל ניט.
איך וועל מיין מאַמעשי געפינען, און זי וועט
אַהיים מיך נעמען און מיך לייגן שלאָפן
אויף ווייסע, ווייכע קישנס אין אַ בעט.

**אַלטער פּליט:**

איך האָב אויף עפּעס אַנדערש אייך גערופן,
אויף עפּעס אַנדערש אייך געוועקט פון קבר־שלאָף.
מיר טוט דערוויל הנאה וואָס איר אַלע
קאָנט קומען ווינטשן יידן מזל־טוב.



צו ווינטשן מזל־טוב איז דאָך אַ גרויסע שמחה,
אַ שמחה אָבער מיט אַ צער צוגלייך:
אָ, יידן, זאָגט מיר אויס דעם אמת,
צי איז משיח אויך צווישן אייך?

**זעכצנטער:**

איך האָב געהערט דיין טרויעריקן „ווי מיר״,
און אויך דיין „וואויל מיר״ גוט געהערט.
אויב אויך משיח ליגט מיט אונדז פאַרשאָטן —
מעג אויך דער נביא ווערן אַ שטיק ערד.

**אַלטער פּליט:**

כ'וואָלט אפשר טאָקע, ווי דו זאָגסט, געוואָרן
אַ שטיק צעשאָטן ערד אין טויטער רו,
ווען איך זאָל וויסן נאָר, אַז ער, משיח,
איז אויפגעשטאַנען ווידער ערגעץ־וואו.
און אויב ער ליגט מיט אַלעמען, מיט אייך דאָ,
אויב ס'איז זיין גזר אויף זיך אַליין געשען —
טאָ זאָגט מיר, יידן, זאָגט מיר, קדושים,
צי האָט איר אים אין קבר דאָ געזען —
אין קאַלטן אַש נאָך אויסגעברענטן פייער,
צי אפשר וואו אַפילו אין אַ רויך? —
איך שטרעק אויס מיינע הענט צום קלענסטן זעמדל
נאָך מער ווי צו די שטערן אין דער הויך.

**זיבעצנטער:**

צי ער איז דאָ, צי ערגעץ אַנדערש —
מיר גלויבן אין זיין נצח סיי־ווי־סיי.
אין טיפעניש פון קבר אַני־מאמין
אַז ה׳ משיח — אייביק, אייביק חי.

מחנות פון קבר ציען זיך אַוועק אין רייען מיטן געזאַנג אַני־מאמין. ס'קומען אַרויס אין ריי שרה די ערשטע און יצחקל. אַלטער פּליט זיצט צונויפגעדרייט, קוקט נאָך מיט ברענענדיקע אויגן די אַפּגייענדיקע. יצחקל קומט אויף אַ פריילעכער, אַן איילנדיקער, ציט די מאַמע פאַר אַ האַנט.

**שרה:**

אָ, יצחקל, ניט יאָג אַזוי, איך בעט דיך.
אַ ביסל מער געדולד, מיין קינד.

**יצחק:**

אַז אַלע איילן זיך דאָך, מאַמע,
און איך בין אַזאַ לייכטער, ווי אַ ווינט,
און דו ביסט אויך דאָך אַזאַ גרינגע.

**שרה:**

נאָר איילן זיך, מיין קינד, איז ניט כדאַי.

**יצחק:**

מיר גייען צו אַ חתונה דאָך, מאַמע.

**שרה:**

מיר וועלן אָנקומען באַצייטנס סיי־ווי־סיי.

**יצחק:**

ביסט, מאַמעלע, מיט עפּעס ניט צופרידן,
איך זע אין דיינע אויגן אַ פאַרדראָס.

**שרה:**

דיר דוכט זיך עס, מיין קינד, איך זאָג דיר.

**יצחק:**

פאַרוואָס־זשע פרייסטו זיך ניט? זאָג פאַרוואָס?
אַ חתונה איז דאָך אַ גרויסע שמחה,
מען הוליעט און מען טאַנצט דאָרט און מען עסט
געשמאַקן לעקעך — וועלן מיר אויך טאַנצן
און עסן לעקעך מיט מיליאָנען געסט.

**שרה:**

פון וואַנען ווייסטו, יצחקל, אַזוינע זאַכן?
ביסט קיין מאָל אויף אַ חתונה דאָך ניט געווען.

**יצחק:**

אין פּלאַם, ווען בידע האָבן מיך געפּלאַקערט,
האָב איך אַ שיינע חתונה געזען:



אין פייער האָט געטאַנצט אַ ווייסער חתן —
איך האָב אין אים דעם טאַטעלע דערקענט.
און דו האָסט פריילעך אים געטאַנצט אַנטקעגן
און הייך געהויבן מיך אויף בידע הענט.
פון דעמאָלט אָן בין איך שוין ניט קיין קינד מער,
איך דאַרף ניט קראַנק זיין מער אַפילו אַ מינוט.
איך שפּיר ניט מער קיין סימן פון אַ ווייטיק,
און כ׳דאַרף ניט מורא האָבן פאַר אַ טראָפּן בלוט.
אַ חידוש נאָר, פאַרוואָס איך זע ניט מערער
דער טאַטעלע זאָל קומען מיט אונדז זיין —
ווען דו ביסט, מאַמעלע, אַזאַ צעשטראַלטע,
אַ זילבערנע אַזאַ ווי דער לבנהס שיין.
מיר זיינען אַלע מאָל געווען אין דרייען,
פאַרוואָס־זשע איצטער זיינען מיר נאָר צוויי?

**שרה:**

ניט פרעג, מיין קינד, אַזוינע קשיות.
איך קען דיר איצט ניט ענטפערן אויף זיי.

**יצחק:**

און ווער קאָן יאָ?

**שרה:**

איך ווייס ניט, קינד מיינס.

**יצחק**

דערזעט דעם אַלטן פליט:

אַ זע — מען זיצט אויף אונדזער קבר דאָ. —
אַ זיידע, מאַמעלע, אַ זיידע! ער ווייס אפשר
פאַרוואָס דער טאַטעלע איז דאָ ניטאָ?

צום אַלטן:

ליב זיידעלע, דו זיצט דאָ ווי אַ שומר?
איך זוך מיין גוטן טאַטעלע אַרום.
צי האָסטו ניט געזען אים דאָ אַרויפגיין?

**אַלטער פליט**

שווייגט.

**יצחק:**

**ער ענטפערט ניט. צי איז ער שטום?**

צו דעם אַלטן ווידער:

**כ'בין יצחקל אַברהמס.**

**אַלטער פליט:**

**אַ ברכה אויף דיין נאָמען.**

**יצחק:**

**ער רעדט, ער רעדט, אַבי איך האָב געמיינט —**

**אַלטער פליט**

מיט טרערן אין קול:

**איך טאָר קיין סך ניט ריידן.**

**יצחק:**

**אַ מאָדנער זיידעלע — זיין פנים וויינט.**

**שרה:**

**אַפריער האָסטו מיך געאיילט, און איצטער**
**פאַרהאַלטסטו מיך און אַלעמען אין וועג.**
**קום גיין. אויף שאלות זוך אַליין אַן ענטפער.**
**און בעסער נאָך: ניט פרעג זיי גאָר, ניט פרעג.**

שרה און יצחק אָפּ מיט דער מחנה.

**אַלטער פליט:**

**פאַרגיב מיר, יינגעלע, מיין טייער יינגעלע,**
**וואָס כ'מוז די ליפּן מיינע האַלטן צו —**
**ווען דיינע ליפּן, די געלייטערטע אין פייער,**
**די תמימותדיקע, האַלטן אין איין פרעגן, —**
**בשעת מיין אייגן האַרץ גייט אויס נאָך ד ע ם,**
**אויף וועמען כ'האָב, ווי אויף אַן אייגן קינד,**



**געשפּרייט מיין פאָטערלעכע ליבשאַפט.**
**דו זוכסט דעם טאַטן, יינגעלע; און איך — דעם זון;**
**דעם זון פון כל־ישראל. — — —**

אין ריי פון קבר אַרויס קומט־אויף דעו' יונגער פליט. דער אַלטער פליט, דערציטערט, מיט אויסגעשטרעקטע הענט:

**מיין זון, מיין טייערער — משיח צדקנו!**

**יונגער פליט:**

**רוף מיך ניט.**

**אַלטער פליט:**

**איך רוף דיך יאָ.**

**יונגער פליט:**

**כ'געהער צו די וואָס ליגן דאָ.**

**אַלטער פליט:**

**דו מוזט זיך אָפּשיידן פון טויט**
**און אומקערן צוריק זיך צו דיין שליחות.**

**יונגער פליט**

אין צאָרן:

**צוריק? — וואוהין?**

**אַלטער פליט:**

**צום לעבן.**

**יונגער פליט**

לאָזט זיך נאָך די רייען:

**צי האָסטו ניט געהערט וואָס כ'האָב געזאָגט?**
**כ'געהער צו די וואָס ליגן ד אָ!**

**אַלטער פליט**

וויל אים אַרומכאַפּן מיט זיינע אָרעמס.

**יונגער פּליט**

שוועבט אַרויס פונעם אַלטנס הענט:

ניט ריר מיך אָן.

**אַלטער פּליט**

לאָזט ניט אָפּ:

מיין זון, באַטראַכט נאָר וואָס דו טוסט —
דו ווילסט אַפילו ניט איך זאָל דיך אָנרירן.

**יונגער פּליט:**

כ׳בין פייער. — אַפילו ווען שוין אָפּגעקילט.

**אַלטער פּליט:**

אַ וואָרט פון דרישת שלום זאָג מיר כאָטש,
אַ רמז פון אַ שמייכל לאָמיר זען אויף דיר,
אַ רמז פון אַ פרייד וואָס דו ביסט ווידער
אָן אויפגעשטאַנענער.

**יונגער פּליט:**

צי זיינען אַלע אויפגעשטאַנענע מיט מיר?

**אַלטער פּליט:**

דערווייל — ניט אַלע. דערווייל — נאָר דו.

**יונגער פּליט:**

און אַלע זיי? — זיי וועלן אַלע
זיך מוזן אומקערן צוריק אַהער?

**אַלטער פּליט:**

שווייגט.

**יונגער פּליט:**

אַוועק פון מיר. ניט ריר מיך אָן.
כ׳בין איינער פון מיליאָן.

**אַלטער פּליט:**

ביסט מער. בלייב דאָ מיט מיר.



**יונגער פּליט:**

איך גיי צוזאַמען מיט זיי אַלעמען,
דערנאָך צוריק מיט זיי — אַהער.
פאַרהאַלט מיך ניט.

רייסט זיך גיין.

**אַלטער פּליט:**

אַז וויי, כ׳מוז נעמען ריידן שטרענג צו דיר.
כ׳בין גוזר דו זאָלסט פאָלגן מיינע רייד.
כ׳בין גוזר!

**יונגער פּליט**

שטעלט זיך אָפּ:

אַ, לייג ניט מער אַרויף אויף מיר קיין גזר.
פאַרהאַלט מיך ניט. כ׳מוז גיין מיט זיי.

**אַלטער פּליט:**

איך האָב אַ סך מיט דיר צו טענהן.

**יונגער פּליט:**

און איך — איך האָב ניט וואָס צו טענהן.

**אַלטער פּליט:**

ביסט בייז, ביסט צאָרנדיק —

**יונגער פּליט:**

ניין, ניין. ניט בייז, ניט צאָרנדיק.
איך הער געיאָמער אין דיין קול.

**אַלטער פּליט:**

אַז וויי — אַז איך זאָל דאַרפן גוזר זיין אויף דיר.

**יונגער פּליט:**

איך בעט דיך נאָך אַמאָל, איך בעט דיך ווידער:
אַ, לייג ניט מער אַרויף אויף מיר קיין גזר.

**אַלטער פליט :**

אַ גזר צום לעבן.

**יונגער פליט :**

כ׳מוז קודם־כל מקיים זיין דעם גזר פון טויט.

**אַלטער פליט :**

דו האָסט אים שוין מקיים געווען.

**יונגער פליט :**

כ׳מוז גיין מיט זיי.

**אַלטער פליט :**

ווער איך דיר נאָכגיין, ביז איך וועל ניט פועלן.

ביידע לאָזן זיך גיין נאָך די רייען. אָפּ.





## זיבעטע סצענע

וואַלד און פעלד. ביים ראַנד פון וואַלד באַוועגן זיך שאָטנ האָפּט די אויפגעשטאַנענע פון דאַכאַו־קבר, כישופדיק באַ־לויכטענע פון אַ לבנה, וואָס קוקט זיך דורך דורך די שפּיצן ביימער. דער שאָטן־מאַרש ווערט באַגלייט פון אַ שטיל געזאַנג. מען הערט קוים די ווערטער: חי־חי־חי — משיח חי. — דער אַלטער פליט און דער יונגער פליט שפּאַנען ביים זוים פון שליאַך.

**אַלטער פליט :**

פאַרנעמסטו דאָס געזאַנג וועגן דיר?

**יונגער פליט :**

חי־חי — זינגען זיי.\
איך הער און כ׳בין דערשיטערט.

**אַלטער פליט :**

פאַרנעם מיט פרייד.

**יונגער פליט :**

דערוויל — מיט גרויל.

**אַלטער פליט :**

די פרייד אַליין איז זוכה צו אַ ביסל רחמים.\
איך בעט דיך — צאַרן ניט.

**יונגער פליט :**

אויף זיך צאַרן איך.

**אַלטער פליט :**

דו זאָלסט ניט.

**יונגער פליט:**

דיין צערטלעכקייט באַהאַלט.

**אַלטער פליט:**

מיין צערטלעכקייט — צו דיר.

**יונגער פליט:**

פאַרגראָב אין זיך.

**אַלטער פליט:**

איך קען ניט.

**יונגער פליט:**

קען!

**אַלטער פליט:**

דו טוסט מיר וויי.

**יונגער פליט:**

מיט יעדן טראָט, מיט יעדן שפּאַן
אַלץ ווייטער ציסטו מיך אַוועק פון זיי.

**אַלטער פליט:**

זיי זיינען אַלע, אַלע גערן
אַליין זיך צו דערווייטערן פון דיר.

**יונגער פליט:**

אַליין — גערן?

**אַלטער פליט:**

זיי זיינען פול מיט צוטרויען צו דיר
אַז דו וועסט זיין דער גוטער שליח זייערער.

**יונגער פליט:**

דו ווילסט מיך איינריידן.



**אַלטער פליט:**

אויב יאָ אפילו — לאָז זיך איינריידן.
און ניט נאָר צוליב זיי, — צוליב די לעבעדיקע!
דאָס ביסל יידן, וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן,
באַדאַרף דיך מערער.

**יונגער פליט:**

דערפאַר זאָל איך פאַרראַטן? —

**אַלטער פליט**

שלאָגט אים איבער:

ניט רייד אַזוינע ווערטער.
איך זאָג דיר: אויף די לעבעדיקע ביסל יידן
איז מער רחמנות נאָך ווי אויף די טויטע;
אַ צער אויף זיי. אַ גרייסער צער אויף זיי.

**יונגער פליט:**

ווי זאָל איך אָבער טראָגן דאָס פאַראיבל פון — —

**אַלטער פליט**

שלאָגט אים ווידער איבער:

די קדושים וועלן ניט פאַראיבל האָבן.
צי ביסטו ניט געווען מיט זיי אין סאַמע פייער?
זיי ווייסן, אַז דו האָסט זיך ניט געריכט אַפילו
אַז כ׳וועל דיך אויסזוכן פון אונטער אַלע קברים
און גוזר זיין אַז דו זאָלסט אויפשטיין ווידער לעבן.
זיי ווייסן, אַז דו האָסט דעם פולן חלק טויט און אומקום
אַליין אויף זיך גענומען, און ג ע ה אָ ט דעם פולן חלק
צוגלייך מיט זיי, אין אַלע אַנגסטן, שרעקן און פאַרפאַלנקייטן,
אין אַלע יאָמערן און גרויליקייטן.
און אויב דו פילסט זיך שולדיק קעגן זיי —
נעם איך אויף זיך די גאַנצע שולדיקייט.

**יונגער פּליט:**

איך גיי מיט זיי צוזאַמען צו אַ חתונה —
טאָ לאָז מיך גיין מיט זיי.

**אַלטער פּליט:**

אַוודאי, צו דער חתונה באַדאַרפסטו גיין.
איך גיי דאָך אויך אַהין מיט דיר.

**יונגער פּליט:**

און פון דער חתונה —

**אַלטער פּליט:**

מיר וועלן שוין פאַרבלייבן אין די לאַגערן.
די לעבעדיקע שארית הפליטה, זאָג איך דיר,
איז עלנט און פאַריתומט. זי באַדאַרף דיין זיין מיט זיי.

**יונגער פּליט:**

צי וועסטו קאָנען ברענגען זיי די בשורה פון גאולה גלייך?
צי איך וועל קאָנען פון די לאַגערן זיי גלייך באַפרייען?

**אַלטער פּליט:**

צי הערסטו ניט ס'געזאַנג? צי הערסטו ניט?
די לעבעדיקע זינגען עס נאָך שטאַרקער און נאָך גלויביקער:
„אַפילו אויב ער זאַמט זיך — וואַרטן מיר".

**יונגער פּליט:**

אויך איצטער האַלט עס ערשט ביים וואַרטן, און ניט מער?
אַפילו איצטער — נאָך די געטאָס? נאָך די גאַז־פלאַמען?
נאָך אַלע קופּעס אַש? נאָך אַלע טויט־גלגולים?
נאָך אַלעם דעם בלייבט ווידער אַלץ ביים וואַרטן?
און ווידער, ווידער מאמין — מאמין — און ניט מער?

**אַלטער פּליט:**

אַזוי, מיין זון.

**יונגער פּליט:**

אַז ווי, אַז ווי.



**אַלטער פּליט:**

און אויך אַז וואויל.

**יונגער פּליט:**

פאַרוואָס אַז וואויל?

**אַלטער פּליט:**

אַז וואויל וואָס ייִדן קאָנען גלויבן נאָך און וואַרטן,
אַז וואויל וואָס ייִדן פאַלן ניט אַריין אין יאוש
פון עלנד און פאַריתומטקייט.
אַז וואויל וואָס דו ביסט ווידער דאָ מיט מיר.
וועסט קומען אין אַ לאַגער — וועסטו דאַרטן ערשט
דערהערן ווי די לעבעדיקע ייִדן זינגען.

**יונגער פּליט:**

און אַלע זיינען זיי מרוצה אויף דאָס נייַ צו וואַרטן?

**אַלטער פּליט:**

דעם בעסטן סימן האָסטו שוין: מיר גייען צו אַ חתונה.
דאָס מיינט, אַז ייִדן זאָגן ווידער יאָ צום לעבן
און גורטן ווידער מיט געדולד זיך אָן,
ווייל חתונה מיינט — לעבן.

**יונגער פּליט:**

איז וואָס וועל איך דאָרט טאָן?

**אַלטער פּליט:**

דיין ברכה געבן.
ווייל אויב דו האָסט געטראָגן אויף דיין קאַרק
אַ קראַנקן בלינדן ייִד צום פלאַם פון קרעמאַטאָריע —

**יונגער פּליט**

אויפגעציטערט:

פון וואַנען ווייסטו? האָסט געזען?

**אַלטער פּליט:**

כ'האָב אַלץ געזען, מיין זון, און אַלץ געהערט.

**יונגער פּליט**

פֿאַרלוירן:

גֶעהערט אויך מיינע יאָמערן אין פֿייער?

**אַלטער פּליט:**

געהערט, מיין זון.

**יונגער פּליט:**

געהאַט אויף מיר דערפֿאַר פֿאַראיבל?

**אַלטער פּליט:**

אַז וויי — וואָס רעדסטו?

**יונגער פּליט:**

פֿאַרוואָס דערמאָנסטו עס מיר איצט?

**אַלטער פּליט:**

צו ברכה און צו לויב דערמאָן איך עס. —
דו האָסט אַ קראַנקן ייד געטראָגן אויף די פּלייצעס,
צום טויט געטראָגן. — וואויל צו דיר דערפֿאַר.
און איצטער אַז דיך בעט אַן אויסגעפּייניקטער און מידער ייד
דו זאָלסט אים טראָגן אויף דיין קאַרק צום לעבן —
וועסטו זיך אָפּזאָגן דערפֿון?
וועסטו זיך אָפּזאָגן?

פּויזע.

אַנטקעגן זיי קומט אָן אברהם.

אברהם!

**אברהם**

דערשראָקן:

דאָס זייט איר, זיידע?

**אַלטער פּליט:**

אַוודאי איך, אברהם.



**אברהם:**

מיר חידושן זיך אַלע וואָס איר זייט אַוועק
אין מיטן נאַכט פֿון אונדז, און ניט צוריקגעקומען.
שוין איבער צוויי מעת־לעת. — אַ פֿרייד צו זען איך.
ווער גייט דאָ מיטן זיידן? — אויך אַ פּליט?

**יונגער פּליט:**

פֿאַראַן דען היינט אַ ייד וואו — ניט קיין פּליט?

**אברהם:**

שלום עליכם.

**יונגער פּליט:**

עליכם שלום.

**אברהם:**

איר גייט צו אונדז?

**אַלטער פּליט:**

צו דיר טאַקע אויף חתונה.

צום יונגן פּליט:

דער חתן פֿון דער ערשטער חתונה אין לאַגער.

צו אברהמען:

מיר ברענגען ביידע אונדזער ברכה דיר, אברהם.

**אברהם:**

אַ יישר כוח, זיידע.

**אַלטער פּליט:**

איך האָף אַז ניט צו שפּעט נאָך —

**אברהם:**

נאָך ניט, זיידע.

**יונגער פּליט:**

און ניט צו פֿרי? —

**אברהם :**

**וואָס מיינט איר מיט דער שאלה ?**

**יונגער פּליט :**

**חלילה ניט קיין בייז.**

**אַלטער פּליט :**

**וואָס טוסטו אַזוי שפּעט דאָ אין דער מיטנאַכט ?**

**אברהם :**

**מקבל פּנים זיין געוואַרטע געסט.**

**אַלטער פּליט :**

**ווּעסט האָבן געסט אַ סך.**

**אברהם :**

**דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט.**

צום יונגן פּליט :

**עס פרייט מיך וואָס איר קומט צוזאַמען מיטן זיידן —**
**דער בעסטער סימן אַז איר קומט צו מזל.**
**פאַרבעט איך אייך אינאיינעם מיטן זיידן.**

**יונגער פּליט :**

**אַ דאַנק פון טיפן האַרצן.**

**אַלטער פּליט :**

**פאַרבעטסט מיך גאָרניט איך זאָל זיין אַן אונטערפירער דיינער ?**

**אברהם :**

**ס'וואָלט זיין פאַר מיר אַ זכיה.**

**אַלטער פּליט :**

**פאַרבעט אויך אים.**

**אברהם**

פאַרלעגנהייט :

**איך מיין — אוודאי — פאַרוואָס ניט ?**



צום יונגן פּליט :

**דער זיידע איז אונדז טייער. זיינס אַ וואָרט —**
**נאָך טייערער, און אַז ער זאָגט איך זאָל אייך בעטן —**

**יונגער פּליט :**

**איך נעם עס אָן ווי אַ פאַרבעטונג.**

**אברהם**

פלוצלונג :

**צי הערט איר ניט ? אַ מין געפלאַטער**
**פון מחנות פליגל איבער אונדזערע קעפּ ?**
**און אַ געזאַנג אַזאָ — צי הערט איר ניט ?**

**אַלטער פּליט :**

**איך מיין, אברהם, דו זאָלסט גיין מיט אונדז צום לאַגער.**

**אברהם :**

**דער זיידע מיינט אוודאי אַז איך שרעק מיך.**

**אַלטער פּליט :**

**שוין ווייט נאָך האַלבער נאַכט.**

**אברהם :**

**אויף דעם בין איך אַרויסגעקומען, זיידע.**
**אַ קול האָט מיך אַהער גערופן —**

**יונגער פּליט :**

**אַז ס'רופט אַ קול באַדאַרף מען קומען.**
**ס'איז גוט אַזוי.**

צום אַלטן :

**מיר גייען, זיידע.**

**אַלטער פּליט :**

**אַ גוטע נאַכט, אברהם.**

**יונגער פּליט :**

**אַ גוטע נאַכט, ר' ייד.**

**אברהם:**

גייט בשלום.

ביידע אָפּ. אברהם קוקט זיי נאָך מיט חידוש. שטילע פונאַנ־דערגעצויגענע טענער, קויפ קוים צו הערן, פון „אני מאמין״ גיסן זיך מיט שטראָמען ווייסן ליכט איבער שאָטנס וואָס באַ־וועגן זיך ביים זוים פון וואַלד. צוויי געשטאַלטן טיילן זיך אויס, דערנענטערן זיך צום אָרט וואו אברהם שטייט. שרה די ערשטע און יצחקל. אברהם קוקט מיט אויפגעריסענע אויגן, אַ פאַרגליווערטער. שרה און דאָס יינגל שטעלן זיך אָפּ עטלע־כע טריט פון אבדהמען.

**אברהם**

נאָך אַ פּאָר רגעס פאַרגליווערונג:

שרה! יצחקל!

**יצחק:**

דעם טאַטעלעס קול!

וויל צולויפן צו אברהמען, שרה האַלט אים פעסט.

**שרה:**

שטיי דאָ, יצחקל.

**יצחק:**

ס׳איז טאַטעלע, כאָטש אָן זיין באָרד —
כ׳דערקאָן אים קוים.

**אברהם:**

קום־צו צו מיר, מיין קינד.

**שרה:**

ניין.

**אברהם:**

כ׳בין טאַטע. איך וועל צוגיין.

לאָזט זיך גיין, שרה טרעט מיטן קינד אויף צוריק.



**שרה:**

בלייב שטיין אויף דיין אָרט.

**אברהם**

בלייבט שטיין, שטרעקט אויס זיינע הענט:

שרה!

**שרה:**

לאָז אַרונטער די הענט.

**אברהם**

לאָזט אַרונטער.

**יצחק:**

פאַרוואָס ניט צוגיין, מאַמעלע?

**שרה:**

אַ קלוגער זון און פרעגסט אַזוינע שאלות.
האַלט שטאַרק זיך אָן אָן מיר — ווי דעמאָלט, דו געדענקסט?

**יצחק:**

אָוודאי, מאַמעלע, אָוודאי. אַלץ געדענק איך.
דו מיינסט דאָך — ווען איך בין געשטאַנען לעבן דיר
אין פייער־פלאַקער, אונטער דיינע ביידע הענט,
און דו האָסט מיך געדריקט צו זיך, געטוליעט.
כ׳האָב, טאַטעלע, אויך דיך אַרומגעזוכט אין פייער.

**אברהם:**

כ׳האָב ניט געקענט, מיין קינד.

**יצחק:**

די מאַמע האָט געקענט.

**אברהם:**

איך וועל עס אויפקלערן אַליין דער מאַמען.
און דו, מיין קינד, ניט זיי אויף מיר אין כעס.

**יצחק:**

כ׳בין ניט אין כעס, טאַטעלע; איך בענק נאָך דיר,
אַפילו ווען איך בין אין גאַנצן אַ פאַרברענטער.
אַ סך פאַרברענטע קינדער האָבן טאַטעס לעבן זיך.

**אברהם:**

שוין איצט פאַרפאַלן, יצחקל.

**יצחק:**

ווען ס׳פייער האָט מיך אַרומגעכאַפּט האָב איך געשריען,
גערופן דיך דו זאָלסט אונדז קומען העלפן.
אויך מאַמעלע האָט שטאַרק גערופן און געשריען.
דערנאָך איז אַזוי גוט און שטיל געוואָרן. — — —
צי דו ביסט ניט פאַרברענט גאָר, טאַטעלע?

**אברהם:**

שווייגט.

**יצחק:**

דער טאַטע ענטפערט ניט. ער שווייגט. פאַרוואָס?

**שרה:**

נו, פרעג אים נאָך אַמאָל, פאַרוואָס ער שווייגט.

**יצחק:**

ער הערט דאָך ווי איך פרעג — באַדאַרף ער ענטפערן.

**אברהם:**

שווייגט.

**יצחק:**

געדענקסט דאָך, טאַטעלע, ווי דו האָסט זיך געשוואוירן
אַז דו וועסט שטענדיק זיין מיט מיר?
געדענקסט עס, טאַטעלע? געדענקסט עס?

**אברהם:**

שווייגט.



**יצחק:**

צי האָסטו גאָר פאַרגעסן אָן דיין שבועה? —
פאַרוואָס ביסטו געוואָרן מיטאַמאָל אַנטשוויגן?
צי ביסטו ניט צופרידן גאָר מיט אונדזער קומען?
מיר גייען דאָך צו דיר אויף חתונה — — —

**אברהם**

מיט בײדע הענט פאַרלייגט איבערן קאָפּ, נעמט אַוועקיאָגן אין גרויסן פחד, איבערלאָזנדיק די געשטאַלטן אויפן מיטן וועג.



# אכטע סצענע

סקווער אין פערנוואַלדעך לאַגער. שטיבלעך, באַראַקן. אין צענטער אַ געוועזענע מיליטערישע אַרמאַרי, — איצט אַ פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ. איבערן אַריינגאַנג פון דער אַרמאַרי אַ שילד פון עלעקטרישע לעמפּלעך וואָס שטעלן צונויף אַ מגן דוד. איבערן מגן דוד עלעקטרישע אותיות: ב מ ד ב ר. רעכטס: אַ פּרימיטיוו אויפגעשטעלטער מאָנומענט, דער קבר פונעם אומבאַקאַנטן ייד. פאַרנאַכט. לאַגערניקעס שפּאַ־צירן אַרום. גייען פאַרביי דעם מאָנומענט.

**יעקב**

ביים מאָנומענט:

**ברודער אונטערן מצבה־מאָנומענט,**
**אומבאַקאַנטער ייד —**
**נעם און הייב זיך אויף און קום מיט אונדז,**
**קום מיט אַלעמען אויף חתונה —**
**ערשטע חופה ביי דער שארית הפליטה,**
**ערשטע חופה זינט יציאת היטלער.**
**אַז ישראל זאָל צוריק זיך נעמען פּרוכפּערן,**
**ווי עס שטייט געשריבן: כחול חים.**

**ערשטער פאַרבייגייער:**

**אַ חוזק־טאָן, צי וואָס?**

**יעקב**

אויפגערעגט:

**פאַרשטייט אַפּריער וואָס אַ טאָן איז. יאָ, ר׳ ייד.**
**און נאָכדעם וועט איר זיך אַריינמישן. געזען אַזוינס?**
**איך שטיי און רייד מיט טרויער פון מיין האַרצן;**

מײַן גאַנצע בענקעניש: ישׂראל זאָל צוריק
זיך נעמען מערן ווי די שטערן אויפֿן הימל
און ווי די זעמדער אויפֿן ברעג פֿון ים.

צווייטער פֿאַרבײַגײער:

אַ פּאָעט — ניט אַנדערש.

יעקב:

אויך איר קענט זײַן אַ פּאָעט, מײַן פֿרײַנד.

דריטער פֿאַרבײַגײער:

ס'איז דאָך יעקב פֿון דריטן באַראַק, דער גראַמען־זאָגער. האָט איר שוין צוגעגרייט, חבֿר, עפּעס גוטע גראַמען צו דער חופּה־נאַכט?

יעקב:

איך זע ניט — וואָס איז דאָ צו שפּאַסן? אַ גרויסע זכיה צו זײַן אַ בדחן אויף אַן ערשטער חופּה אין לאַגער.

אָפּ.

דריטער פֿאַרבײַגײער:

איך שפּאַס ניט. איך מיין אויך אַז אַ זכיה.

צווייטער פֿאַרבײַגײער:

און איך האַלט אַז מען קען עס זאָגן פּשוטער און פּראָסטער — אַן ים און אַן שטערן.

אַ פֿרױ:

פֿאַרוואָס זאָל טאַקע ניט זײַן קיין בדחן אויף אונדזער ערשטער חופּה? און פֿאַרוואָס טאַקע ניט קיין אמתע קלעזמער? — זאָל ער דאָרט הערן, דער היטלער־פּגר, און איבערקײַקלען זיך צען מאָל אין אַ נכפּה. — ס'וועט זײַן אַן אמתע חתונה, זאָגט מען, מיט ווײַן און מיט לעקעך און אַפֿילו מיט געבראָטנס. אונרא, זאָגט מען, שטעלט אַלץ צו.

אָפּ. אַ צווייטע גרופּע גייט פֿאַרבײַ.

ערשטער פֿאַרבײַגײער:

פֿון דעם איז געדרונגען אַז — וואָס?



צווייטער פֿאַרבײַגײער:

אַז נאָר אַ דירת־קבֿע — אַ דורכגאַנג.

דריטער פֿאַרבײַגײער:

איר מיינט — לאַגער בבחינת מדבר?

צווייטער פֿאַרבײַגײער:

אָט דאָס טאַקע מיין איך. וואָרעם — וואָס אַנדערש איז לאַגער?

פֿערטער פֿאַרבײַגײער:

רופֿן מיר דאָך טאַקע אונדזער לאַגער אַזוי: מדבר.

ערשטער פֿאַרבײַגײער:

אָט צינדן זיך אָן די אותיות איבערן מגן דוד — איר זעט?

איבער דער אַרמאַרי גיבן אַ לויכט אויף די אותיות „במדבר".

צווייטער פֿאַרבײַגײער

מיט התפּעלות:

ב־מ־ד־ב־ר.

דריטער פֿאַרבײַגײער:

באַדאַרף מען, הייסט עס, טײַטשן: ייִדן וואַנדערן דורך —

צווייטער פֿאַרבײַגײער:

ווי אַמאָל — פֿון מצרים — דורכן מדבר — קיין כּנען.

פֿערטער פֿאַרבײַגײער:

צום צוגעזאָגטן לאַנד.

פֿינפֿטער פֿאַרבײַגײער:

קיין ארץ־ישׂראל.

אָפּ.

אַ פֿרױ:

ביז וואַנען די נחמה, וועט אַרויס פֿון אַלעמען די נשמה.

רחל:

אויב זי איז שוין ניט אַרויס פון אונדז ביז היינט — וועט זי שוין אויך ווייטער ניט אַרויסגיין. און צוריק־גערעדט — אַ טייערע מציאה די נשמה אונדזערע.

ערשטע:

צו וואָס אַזוי ריידן?

רחל:

ביי מיינע פאַרברענטע קינדער פרעגט.

ווילָ אָפּגיין, ווען זי דערהערט הינטער זיך רייד פון אַ זקן.

זקן:

אַ יאוש אַזאַ, רבונו דעלמא.
באַהיט אונדז און באַשיץ, טאַטע פאָטער.

רחל:

שוין איין מאָל אַ באַהיטער, זיידע,
אוי וויי — האָט ער געהיט — האָט ער געהיט,
דער טאַטע־פאָטער, דער באַהיטער.
צוויי מיידעלעך האָב איך געהאַט,
צוויי מיידעלעך מיט לאַנגע צעפּ. —
אוי וויי ווי ער האָט זיי פאַרהיט, דער טאַטע פאָטער.

רבקה קומט אָן. זעט ווי רחל פאַלט צו צום מאָנומענט און וויינט.

רבקה:

רחל — שוועסטער לעבן.

ציט זי אָפּ פונעם מאָנומענט.

זקן:

ניט רעכט אַזוי צו ריידן.



רחל:

דער זיידע וויל ניט אַנדערש נאָר ווי זאָגן מוסר —
דערציייל איך אים ווי גוט און ווי געטריי
דער טאַטע־פאָטער האָט געהיט די קינדער מיינע —
אַזוי געטריי, ביז וואָנען בידע זיינען זיי
אַוועק שפּאַצירן גלייך צום גאַז־קאַמער —
און גלייך אַריינגעטאַנצט אין גאַז־קאַמער.
ווייל שיינדל איז געווען אַ טענצערקע,
און חיהלע — אַ לאַכערקע.
איז האָבן זיי אַריינגעטאַנצט אַזוי אין גאַז־קאַמער. —
איצט בין איך רחל — מוטער רחל,
וואָס טאָר אַפילו ניט באַוויינען אירע קינדער.

ערשטע:

אַ זאָל זי אויפהערן. דער מוח רירט זיך מיר.

רחל:

נו גוט, כ'וועל אויפהערן.

רבקה

צו דער ערשטער:

מען דאַרף אַזוי ניט אויפשפּרינגען מיט כעס.

ערשטע:

פון וואַנען ווייסט איר אַז מיט כעס?
צי אפשר האָב איך אויך געהאַט צוויי מיידעלעך?

רבקה:

און איך — צוויי יינגעלעך.
צוויי יינגעלעך.
איצט זיינען זיי פאַרזאָרגט מיט כלותלעך.
איצט זיינען מיר שוין פולע מחותנתטעס.

צו רחלען:

ניט אמת, טייערע.

**רחל**

צו דער ערשטער:

ניט נעמט פאַר אומגוט, שוועסטער.
איך מעג אייך רופן שוועסטער,
אַפילו ווען איך קאָן אייך ניט.

צו רבקהן:

מיר זיינען אַלע שוועסטער, אַלע —
ווייל מער קיין מאַמעס זיינען מיר שוין ניט.

צום זקן:

איך וויין ניט מער, איך וויין ניט מער אויף מיינע קינדער.

פרויען אָפּ.

**זקן**

קוקט זיי נאָך:

ניט גוט אַזוי. ניט רעכט אַזוי.

ס׳קומט אָן דער אומבאַקאַנטער ייד. אַלע וואָס גייען פאַרביי שטעלן זיך אָפּ פאַרחידושטע פונעם יידס הויך און אויסזען. דער אומבאַקאַנטער ייד האָט געכאַפּט דעם זקנס ווערטער.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

פאַרוואָס ניט רעכט אַזוי?

**זקן**

באַקוקט דעם יידן, האַלב מיט ביטול, האַלב מיט שרעק:

ווייל צופיל יאוש, צופיל ביטערניש, ר׳ ייד.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

און אייך איז זיס? איר זייט אַ זיידעניו —
טאָ וואו האָט איר אַהינגעטאָן די אייניקלעך?

**שטימען**

פון אַרומיקן עולם:

ניט שיך אַזוי צו ריידן צו אַן אַלטן ייד.



**אומבאַקאַנטער ייד:**

נו, אדרבה, זאָל ער זאָגן הויך פאַר אַלעמען,
צי האָט ער ניט פאַרראַטן זיינע אייניקלעך,
צי האָט ער ניט פאַרשיקט זיי אין אַ גאַז־קאַמער?

**זקן:**

אָז ווײ איז מיר — וואָס רעדט ער?

**שטימען:**

דער ייד איז חסר דעה.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

נו, אדרבה, זאָגט אַליין: ווי קומט עס —
אַ לאַנגע ווייסע באָרד זאָל בלייבן לעבן?

**פון עולם:**

מיר זעען אייך צום ערשטן מאָל. פון וואַנען קומט איר?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

איך זוך מיין קבר.

פאַלט צו צום מאָנומענט.

אָט דאָ איז ער, מיין קבר־ישראל. ברענגט מיך, יידן, צו קבורה.

**פון עולם**

איינער נעמט דעם אומבאַקאַנטן פאַר אַ האַנט:

קומט ר׳ ייד, מירן געפינען אַ פּלאַץ פאַר אייך צום שלאָפן, איר זייט געוויס אויך הונגעריק. —

**אומבאַקאַנטער ייד:**

כ׳קען ניט שלאָפן. כ׳דאַרף זיין אויף. כ׳דאַרף אַכטונג געבן.

שפּאַנט אַוועק מיטן אויסרוף:

עס וועט ניט זיין קיין חופה!

**פון עולם:**

— ווײ, אַזוי פיל משוגעים.
— אַ נס נאָך וואָס ניט מערער.

— אַ שייכות האָט ער מיט דער חופּה?
— ווער ווייס דיר וואָס אַזוינער קאָן נאָך אָפּטאָן?

עס קומט דער לאַגער־דירעקטאָר אין אַן אונראַ־מונדיר, נאָך אַ פּאָר לייט באַגלייטן אים, טראָגן אָנגעלאָדענע גרויסע קערב.

ערשטער פּאַרבייגייער

אויפגעלייגט, פריילעך:

מאַכט אַ וואָרע — די טאָרטן גייען, די ווייַנען —

פון עולם:

טאַקע אמתע טאָרטן און וויין?

דירעקטאָר:

נאָך ווי אמתע! — וואָס מיינט איר אייך? מירן פּראָווען אַ חתונה אָן וויין, אָן לעקעך און אָן יום־טובדיקע טישן? ניט אַזוי לייכט געווען צו קריגן עס — אָבער געקראָגן. ס'קען זיין אַז פונעם מיליטערישן אַקופּאַציע־אָפּיס אַליין וועט מען קומען צו דער חופּה. אַלע פילן דאָרט אַז ס'איז אַ גרויסער מאָמענט פאַר דער שארית הפליטה.

פון עולם:

ווען־זשע וועט טאַקע זיין די חופּה, הער דירעקטאָר?

דירעקטאָר:

קודם־כל רופט מיך ניט הער — כ'האָב אייך וויפל מאָל שוין געבעטן. וואָס פאַר אַ הער בין איך אייך? כ'קום פון זעלבן קאַצעט וואָס איר אַלע.

פון עולם:

איר טראָגט אַ מונדיר.

דירעקטאָר:

אָבער איר ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט פון די וועמען מען דאַרף פוצן די קנעפּלעך.



פון עולם:

אַוודאי ווייסן מיר אַז איר זייט אַן אונדזעריקער. הלוואי אויף אַלע דירעקטאָרן געזאָגט געוואָרן.

דירעקטאָר:

נו, גענוג וועגן דעם. — דערווייַלע ברעכט זיך מיר דער מוח איבער עפּעס אַנדערש: וואו נעם איך אַ באַזונדער שטיבל פאַר די נייע מאַן און ווייב? אַלע שטיבער איבערגעפּאַקט. אַלע בעטן. און נאָך פּליטים קומען אָן יעדן טאָג. היינט אויך אָנגעקומען איבער פופציק, ניטאָ אַ שפּילקע וואו אַרייַנצושטעקן.

פון עולם:

מאַן און ווייב וועלן זיך שוין אַן עצה געבן אַליין — אָפּצאַמען זיך מיט אַ ליילעך —

דירעקטאָר:

די עצה ווייסן מיר אַלע. כ'וויל אָבער פאָרט קריגן פאַר זיי אַן אייגן ווינקל.

פון עולם:

האָט איר שוין אַ מסדר־קדושין, און אונטערפירער, און קלעזמער?

דירעקטאָר:

מיר האָבן אַלץ. אַפילו אַ בדחן. און די חופּה־שטאַנגען — אמתע שניצונגען. היינט דאָס חופּה־קלייד! מיר האָבן שוין פינף חופּה־קליידער פאַרטיקע. אגב, האָט ווער פון אייך געזען וואו חתן־כלה זיינען?

פון עולם:

דעם חתן האָב איך געזען מיט אַ פּאָר שעה צוריק ביים וואַלד אַהינטערן לאַגער. ער האָט מיר אויסגעזען עפּעס צעטראָגן.

אַ צווייטער:

פאַראַן פון וואָס צו זיין צעטראָגן. מיר זאָגן: חתן, מיר זאָגן: כלה, אָבער מיר אַליין ווייסן דאָך —

**דירעקטאָר:**

איר הייבט שוין אָן? כ׳וויל ניט הערן! אַ שמחה איז אַ שמחה. אַ חתונה איז אַ חתונה.

**אַ דריטער:**

אַ חתונה אויף וועלכער עס וועלן קומען מיליאָנען מחותנים.

**דירעקטאָר:**

וואָס מיינט איר?

**דריטער:**

גאָר פשוט. אַלע אומגעקומענע. ווייל מיר פֿאַרבעטן זיי און ווייל זיי זיינען די אמתע מחותנים. און מורא האָבן מיר ניט; זיי זיינען סיי־ווי מיט אונדז. שטענדיק. יאָ, יאָ. פֿאַר אונדז זיינען זיי ניט טויט. ניט טויט.

**דירעקטאָר:**

דערווייל, ביז וואָס ווען, לאָמיר פֿאַר חתן־כלה אַנגרייטן אַ שטיקל ווינקל. דאָס אָרט מיך דערווייל מער ווי אַלץ. מער ווי אַלץ.

ס׳דערהערט זיך אַ טומל, אַ געלויף. אַ בחורל לויפֿט אָן.

**בחורל:**

חבר דירעקטאָר, אָנגעקומען אין לאַגער אַ גרופּע קינדער. פֿון אַ וואַלד. פֿאַרטיזאַנער האָבן זיי געבראַכט. קליינינקע. אַלע יתומים. זיי זיינען אַלע ביי איך. מען זוכט איך, חבר דירעקטאָר.

**עולם**

אין התפעלות:

קינדער! קינדער! קינדער! קינדער!

**דירעקטאָר:**

לאָזט זיך לויפֿן, און אַלע נאָך אים, מיט אויסרופֿן: קינדער, קינדער. אָפּ. לאַנגע פּויזע. ס׳קומט פֿון וואַלד־זייט שרה די צווייטע.



**שרה**

שפּאַרט זיך אָן אָן דעם מאָנומענט, פֿאַרטרויערט:

אַ בעלנות פֿון אַ מענטשן — גראָד היינט לאָזן מיך זיין אַליין. פֿאַר־פֿאַלן געוואָרן. כ׳הייב ניט אָן צו וויסן וואו כ׳קען אים זוכן —

ס׳באַוויזט זיך דער אומבאַקאַנטער ייד.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

ניט רעכט אָנצולענען זיך אָן מיין קבר.

**שרה**

שפּרינגט אָפּ:

וואָס מיינט איר?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

ס׳איז מיין אָרט.

**שרה:**

וויל אַוועקגיין, אַ דערשראָקענע.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

וואָס אַנטלויפֿט איר?

**שרה:**

וואָס ווילט איר?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

איינער זוכט אַרום זיין קבר, און אַ צווייטער פּראַוועט חתונה.

**שרה:**

וואָס וואַקסט איר אויס שטענדיק מיר אַנטקעגן?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

אפשר ווייסט איר?

גייט צו נאָענט צו איר, קוקט איר אַריין אין פּנים.

**שרה:**

שפּרינגט אָפּ.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

איר האָט מורא צו קוקן אויף מיר?

**שרה:**

גייט אַוועק פון מיר. אייער פנים איז —

**אומבאַקאַנטער ייד:**

וואָס איז מיט מיין פנים? ער איז אייך ניט געפעלן?

**שרה:**

איך ווייס ניט וואָס איר רעדט.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

און אייער פנים? איך פרעג אייך — אייער פנים האָט דער טויט ניט געענדערט? — און — זיי? זיי האָבן אייער פנים גאָרניט געענדערט?

**שרה:**

וועמען מיינט איר?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

זיי האָבן אייך קיינמאָל גאָרניט געשלאָגן אין פנים?

**שרה:**

אָ — ניט איין מאָל.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

ניט אויסגעהאַקט אייך קיין ציין?

**שרה:**

אויסגעהאַקט.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

אַז מען האַקט אויס ציין — ענדערט זיך דאָס מויל — ענדערן זיך די באַקן. זיי ווערן איינגעשרומפּן. ס׳פּנים ווערט אַלט, ווערט איינ־געפאַלן. ס׳ווערט אַן אַנדער פּנים. ניט אמת, האַ? — היינט אַז מען האַקט נאָך אויס אַן אויג. און מען גליווערט אָפּ אַ גאַנצע זייט פון־נעם פּנים. און מען שנײַדט אָפּ אַ האַלבע באָרד צוזאַמען מיט



אַ שטיק פלייש — און דערצו נאָך דערשלאָגט מען אייך אויף טויט — — און איר ליגט אַ טויטער, און איר שטעלט זיך אויף אַ טויטער, און איר גייט אַרום איבער דער וועלט אַ טויטער — — —

שרה וויל אַנטלויפן.

אַנטלויפט ניט. איך אַנטלויף. גאָט אַנטלויפט.

אָפּ. שרה שטייט צוגעפאַלן צום מאָנומענט, אירע אַקסלען צוקן, וויינט שטיל. ס׳קומט אברהם.

**אברהם:**

שרה ליבע —

**שרה**

פאַלט צו צו אים:

אברהם.

**אברהם:**

וואָס איז מיט דיר? דיינע הענט ציטערן אַזוי.

**שרה:**

פון בייטאָג אָן אַז איך זוך דיך אַרום. ס׳איז דאָך מאָדנע — דער גאַנצער עולם קלייבט זיך שוין אין דער אַרמאַרי צו אונדזער חופה, און מיר — אַזוי ווי מיר וואָלטן גאָרניט זיין דערביי. וואו ביסטו געווען?

**אברהם:**

ניטאָ וואָס צו זיין אומרואיק, שרה. פּשוט, ס׳האָט זיך מיר געוואָלט זיין מיט זיך אַליין עטלעכע שעה. פאַרענדיקן דעם חשבון הנפש מיט זיך אַליין.

**שרה:**

כ׳פאַרשטיי עס. אָבער דו ווייסט דאָך: כ׳בין אַליין אויך צערודערט. גראָד היינט וואָלטן מיר ניט באַדאַרפט לאָזן איינע די אַנדערע זיין אַליין, גראָד היינט.

**אברהם:**

ביסט גערעכט. פארגיב מיר. אבער כ׳האב ניט געקענט. ס׳האט מיך געצויגן צו זיין מיט זיך אליין.

**שרה:**

ביסטו געווען מיט זיך אליין?

**אברהם:**

כ׳וויס אליין ניט ווי צו זאגן.

**שרה:** /

מאדנע. און דו ווייסט — ס׳איז מיר שווער דער טומל וואס דער גאנצער לאגער מאכט ארום אונדזער חתונה. און אזוי פיל משוגעים ארום. וואלסט געזען וואס דא טוט זיך — מען קומט אפילו פון די אנדערע לאגערן.

**אברהם:**

קיין חידוש ניט, שרה.

**שרה:**

און איך מיין גאר, אז מיר האבן עס באדארפט דורכפירן שטיל, באשיידן, — פאררופן א פאר מענטשן און פארטיק. ווייל, וואס איז צו לייקענען — ס׳איז אונדז ביידן ניט לייכט אויפן הארצן.

**אברהם:**

איך ווייס וואס דו ווילסט זאגן. אבער טאקע דערפאר איז אויף דער גאנצער לאגער. מיר קאנען זיך ניט העלפן. מיר געהערן ניט צו זיך אליין, נאר צו דער גאנצער שארית הפליטה.

**שרה:**

דער לאגער איז פול מיט אנזאגער פון שווארצע בשורות.

**אברהם**

*לייגט ארויף זיין האנט אויף שרהס מויל:*

ש־ש־ש — רייד ניט.



**שרה:**

איך בין נאך אפילו ניט געווען אינעם צימער פון די חופה־קליידער, צו נעמען א קלייד פאר זיך, אנטאן זיך, צוגרייטן זיך —

**אברהם:**

האסט אפילו נאך ניט אנגעמאסטן זיך קיין קלייד?

**שרה:**

אז כ׳האב דיך ארומגעזוכט —

**אברהם:**

טא גיי שוין. שוין.

**שרה:**

און דו? דארפסט זיך ניט צוגרייטן?

**אברהם:**

נו, וויפל וועט עס מיר נעמען? איבערטאן אן אויבערשט העמד און כ׳בין פארטיק. — איל זיך, מיין ליבער פריינד.

**שרה**

*וויל נעמען גיין, בלייבט שטיין צוריק:*

גייסט ניט מיט מיר?

**אברהם:**

כ׳גיי דאך ניט אין דער זייט פונעם קליידער־צימער.

**שרה:**

אבער — דו ביסט מיר ניט מיט אלעמען, אברהם. איך זע דאך. ביסט זייער אומרואיק. איך שפיר עס.

**אברהם:**

ס׳וועט זיין גוט, שרה. ס׳וועט זיין גוט. —

*כאפט אן שרהס הענט.*

דו פארשטייסט, — מיר זיינען דאך ניט קיין קינדער, און ס׳יידישע הארץ איז אויף דער וואך אין אונדז. פארשטייסט, אויף אונדזער חתונה האט א דעה די גאנצע שארית הפליטה. אלע לעבן־געבליבע־

נע יידן. אָבער נאָך מער דעה האָבן, אפשר, די אומגעקומענע. און ניט נאָר אַ דעה — זיי האָבן אַ שליטה איבער אונדז. פאַרשטייסט ?

**שרה :**

יאָ, אברהם — איך פיל עס אויך די גאַנצע צייט.

**אברהם :**

דיר איז אין אַ געוויסן פּרט לייכטער. — פאַרשטייסט, שרה, — ווען ס'איז געשען מיט דיין מאַן, ביסטו ניט געווען דערביי. זיי האָבן אים פאַרכאַפּט אין אַן אַנדער שטאָט. אין משך פון חדשים לאַנג האָסטו אַפילו ניט געוואוסט, אַז — — —

**שרה :**

יאָ, אברהם, כ'האָב זיך דערוואוסט וועגן זיין אומקומען ערשט אין אַ האַלב יאָר אַרום.

**אברהם :**

דערצו נאָך איז דיר לייכטער, ווייל דו האָסט קיין קינד ניט געהאַט.

מיט אַ קול פון פחד:

אָבער איך — פאַרשטייסט, מיין פריינד, — ווען זיי האָבן מיין פרוי און קינד צוגענומען, בין איך געווען דערביי. פאַרשטייסט ? — ד ע ר ב י י. זיי האָבן זיי פשוט פון מיינע הענט אַרויסגעריסן. פאַר־שטייסט ? — כ'האָב געהערט ווי זיי שרייען, ווי זיי רופן מיך, און איך — — — נו, זעסט דאָך — — —

**שרה :**

האָסט דען געקענט עפעס טאָן און ניט געטאָן ?

**אברהם :**

נו, איך פרעג דיך — וואָס קאָן אַ מענטש טאָן ווען אַ גאַנצע מחנה שטורעם־טרופּער ליגט אויף אים און שטיקט אים צו דער ערד — און ער קאָן זיך ניט קיין ריר טאָן. — פאַרשטייסט, ליבע שרה, זיי וועלן אַלע קומען אויף אונדזער חתונה. און אויב זיי וועלן קומען מיט רוגזה — — —



**שרה :**

איינער גייט שוין דאָ אַרום און שרייט אַז ער וועט ניט לאָזן —

**אברהם :**

איך ווייס. ד ע ר מוז זיין פשוט אַ געריירטער פון זינען.

**שרה :**

ער וואַרפט אויף מיר אַן אַן אמתן פחד. עפעס איז דאָ אין אים וואָס דערמאָנט מיר אַן ישראלן — —

**אברהם :**

מיינסט עס ?

**שרה :**

איך הייב אַליין ניט אָן צו וויסן. זיין פנים זעט אויס ווילד אַזוי. קיין שום שייכות מיט ישראלס פנים. און ישראל האָט ניט געהאַט קיין באָרד.

**אברהם :**

פאַרוואָס־זשע זאָלסטו טראַכטן ?

**געשטאַלט :**

עפעס איז דאָ אין זיין קול וואָס דערמאָנט מיר —

**אברהם :**

צי ביסטו ניט זיכער אַז דיין ישראל איז אומגעקומען ?

**שרה :**

כ'בין זיכער, אויף וויפל מען קאָן זיין זיכער אין אונדזער איצטיקן לעבן. עדות וואָס האָבן אַליין געזען האָבן מיר געבראַכט די ידיעה. אָבער, זעסט דאָך, דער־אָ וואַקסט אויס אַנטקעגן מיר שטענדיק מיט אַזאַ ביטערקייט. וואָס־זשע דאַרפן מיר טאָן, אברהם ?

**אברהם :**

וואָס ק אָ נ ע ן מיר טאָן ? מיר דאַרפן האָבן כוח ; דאָס אַלץ.

**שרה:**

האָסטו?

**אברהם:**

דערפאַר איז גוט וואָס אונדזער חתונה געהערט צו דער גאַנצער שארית הפליטה. ווען מיר וואָלטן זיין אַליין וואָלטן מיר אפשר טאָקע ניט געהאַט קיין כוח; קומט אונדז צו הילף דער כוח פון אַ שארית הפליטה. פאַרשטייסט, שרה, — פון אַ גאַנצער שארית הפליטה. — גיי מאַך זיך גרייט. קום, כ'וועל דיך צופירן צום צימער פון די חופה־קליידער.

בײדע אָפּ. עס קומט שרה די ערשטע מיט יצחקלען. יצחקל אַ מידער, אַ פאַרשלאָפענער, קוים וואָס ער גייט. זי נעמט אים אויף די הענט, טראָגט אים אַ ביסל, שטעלט זיך אָפּ ביים מאָנומענט, זעצט זיך אַרונטער דערביי אויפן אָנשיט ביים מאָנומענט. זי לייגט אַוועק דאָס יינגל לעבן זיך אויף דער ערד. איז זיך מישב און נעמט אים אַרויף צו זיך אויפן שויס, זיצט און הוידעט אים. יצחקל שלאָפט שטאַרק צוגע־טוליעט צו דער מאַמען. נאַכט איז צוגעפאַלן. אברהם קומט צוריק, דערנענטערט זיך מיט שטילע ניט־וואַגנדיקע טריט.

**שרה די ערשטע:**

גיי ניט צו.

**אברהם:**

שטעלט זיך אָפּ.

**שרה:**

שטיי וואו דו שטייסט. וואָס ווילסטו?

**אברהם:**

איך האָב דיך דערזען אָנקומען אַהער.

**שרה:**

ביסט ניט צופרידן?



**אברהם:**

שוויגט.

**שרה:**

איך בין געקומען מיט יצחקלען צו דיין חתונה. פאַרבעטסט אונדז גאָר ניט?

**אברהם:**

אַז דו ביסט געקומען מיט אַ רוגז.

מיט אויסגעשריי:

שרה!

**שרה:**

שריי ניט. וועסט אויפוועקן יצחקלען.

**אברהם:**

שרה, — זאָג — וואָס האָב איך געקענט טאָן? איך מיין — דע־מאָלט. זאָג. סיידן אָנטאָן זיך אַליין אַ מיתה. כ'האָב עס טאָקע געוואָלט טאָן — גלייך אויף מאָרגן. אָבער — נו, וואָס? כ'האָב קיין כוח ניט געהאַט דערויף. — און צי וואָלסטו דען געווען צו־פרידן ווען כ'טו עס?

**שרה:**

ניט אין מיין צופרידנקייט גייט עס.

**אברהם:**

ווען כ'טו עס — צי וואָלט איך ניט געזינדיקט ווי אַ ייד, אויף וועמען ס'איז חל דער געבאָט פון בעל כרחו אתה חי? אַ ייד דאַרף קאָנען לעבן אָפילו מיט גוואַלד.

**שרה:**

אָבער אַ ייד דאַרף אויך קאָנען שטאַרבן. — דערצו נאָך, ווען ער אַליין זעט ווי זיין איינציק קינד ווערט געוואָרפן אין פייער. צי טראָגסטו ניט דעם נאָמען אברהם? און אברהם אבינו האָט דאָך יצחקן ניט געשאָכטן.

**אברהם**

(אין פאַרצווייפלונג):

דו רעדסט אַזוי ווי דו וואָלסט מיך געהאַלטן שולדיק? האָסט שוין איין מאָל גערעדט אַזוי צו מיר. געדענקסט? אַמאָל — פּסח־נאַכט, יענע נאַכט — אַז ווײ, אַז ווײ — ווי קומט עס צו דיר? — צו דיר, שרה, די געטרייע יידישע טאָכטער?

**שרה:**

קוים אַ יאָר נאָך מיין אומקומען — און דו ביסט שוין גרייט אויף חופּה.

**אברהם:**

ס'איז דער געבאָט פון דער שארית הפליטה. אונדזער פאָלק מוז לעבן, מוז צוריק נעמען וואַקסן.

**שרה:**

נאָר צוליבן פאָלקס־געבאָט טוסטו עס? — ניט צוליב עפּעס אַנדערש? ניט צוליב דיין אייגענער תאווה און הנאה? צי ביסטו זיכער אַז דו זאָגסט ניט קיין ליגן? האָסטו דען די צווייטע שרה ניט ליב? האָסטו דען קיין הנאה ניט פון ליב האָבן זי?

**אברהם:**

האָב איינזעעניש מיט מיר, שרה.

**שרה:**

ווילסטו, הייסט עס, כ'זאָל זיך ניט ווייזן אויף דיין חתונה?

**אברהם:**

ווער זאָגט? אדרבה. איך פאַרבעט דיך.

**שרה:**

שטעלט זיך אויף מיטן קינד אויף די הענט, לאָזט זיך אַוועקגיין.



**אברהם:**

וואוהין גייסטו, שרה?

**שרה:**

שטילער! וועסט אויפוועקן יצחקלען.

(אָפּ אין דער פינצטערניש.)



# ניינטע סצענע

אין צימער פון די חופה־קליידער. האַלב צימער, האַלב שנייַדער־ווערקשטאַט. אַ טיש. אַ שנייַדער־מאַשין. אַ גרויסער שראַנק, אין וועלכן עס הענגען די קליידער. הירש און נחמן.

**הירש:**

איך מיין אַז כ׳וועל מער ניט וואַרטן אויף איר. אַן איינפאַל פון אַ מענטשן, — געווען דאַ, אויסגעקליבן אַ קלייד, שוין אפילו אָנ־געמאַסטן — מיטאַמאַל איבערגעלאָזט און ניט געוואָרן.

**נחמן:**

און איך וואַרט אין דער אַרמאַרי מיט די חופה־שטאַנגען אויף דער בינע. און דער עולם פאַרזאַמלט זיך שוין.

**הירש:**

זי זוכט אַרום אברהמען. און מיר ווייסן אויך ניט וואו ער איז.

**נחמן:**

אפשר טאָקע צופיל טומל געמאַכט פון דעם אַלעם? — וואָלסט זען אַן עולם שפּאַרט פון אומעטום. און אַזעלכע מאָדנע פּנימער צווישן עולם — ווי פון יענער־וועלט.

**הירש:**

מען דאַרף אַזוינס ניט ריידן.

**נחמן:**

נו, אדרבה, זיי אַ בריה און שייד היינט אָפּ לעבעדיקע יידן פון טויטע. כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת — דאָס לעבן איז קיין לעבן ניט, דער טויט איז קיין טויט ניט — אַ חתונה איז קיין חתונה ניט.

**הירש:**

אַז דו רעדסט שוין אויך אַזוי —

נחמן:

וואָס מיינסטו — איך קען דען שטענדיק פאַרגעסן אַז איך בין דער איינציקער וואָס איז איבערגעבליבן פון מיין גאַנצער משפחה? —

חירש:

און איך קען? —

מען הערט קלעזמער שפּילן.

וואָס איז דאָס?

ווילן אַרויסגיין, ערשט ס'קומט שרה די צווייטע אין באַגליי־טונג פון רחל, רבקה און לאה.

שרה:

אַז איך בעט די קלעזמער ניט שפּילן נאָך — אַז איך בעט —

רחל:

זיי האָבן אונדז דערזען גיין אַהער, האָבן זיי אַ שפּיל געטאָן. זיי וואַרטן דאָך שוין פון פאַרנאַכט.

לאה:

די כלה גייט אויסקלייבן זיך אַ חופּה־קלייד — גיבן זיי אַ שפּיל.

רבקה:

עס מאַכט ניט, שוועסטער־לעבן. זאָלן זיי שפּילן.

שרה:

אָבער אַז איך בעט זיך ביי אַלעמען: מאַכט ניט קיין צופיל טומל — אַז איך בעט זיך.

רחל:

מען קען עס ניט, שרה שוועסטער; ס'איז ניט אין אונדזער רשות, טייערינקע.

רבקה:

אוודאי. קלעזמער האָבן פידעלעך — גיבן זיי אַ שפּיל.



חירש

צופרידן:

דאַרף מען, הייסט עס, דאָס חופּה־קלייד.

רחל:

אוודאי דאַרף מען. וואָס פרעגט איר קשיות?

חירש:

פאַרקערט — כ'בין צופרידן.

נחמן:

דער חתן איז שוין אויך גרייט?

רחל:

צו וואָס זאָלט איר זיך מישן אַלע?

נחמן:

איך מיש זיך ניט. כ'פרעג נאָר.

רבקה:

פרעגט וואָס ווייניקער, מיין פריינד. אַ חתן איז גרייט. ווי דען אַנדערש?

שרה

אָפּהענטיק:

איבעריקנס, איז ער דאָך גערעכט — אַז כ'ווייס ווידער ניט וואו אברהם איז.

רחל:

אָבער אויסקלייבן אַ קלייד דאַרפט איר דאָך, טייערינקע —

לאה:

ווי דען אַנדערש? אַ קלייד דאַרף מען זיך אויסקלייבן. ווי דען אַנדערש?

שרה:

כ'בין שוין געווען דאָ פריער און אויסגעקליבן.

רחל:

**שליסט אויף דעם שראַנק, טייערינקער.**

חירש:

**דער שראַנק איז ניט פאַרשלאָסן. ניטאָ קיין גנבים ביי אונדז.**

ער עפנט דעם שראַנק. אַ צאָל ווייסע חופּה־קליידער גיבן אַ בלענד פאַר די אויגן.

רבקה:

**אַזאַ ליכטעניש ווי זיי ליכטן.**

לאה:

**אמתער זייד. אַזאַ ווייסקייט.**

רחל:

**גאָרניט, כ'לעבן, ווי פאַר קאַצעטניצעס.**

שרה:

**און אַוודאי ניט ווי פאַר אַלמנות —**

רחל

פאַרמאַכט שרהן די ליפּן:

**אַזוינס ניט דערמאָנען איצט.**

רבקה:

**ס'וועט נאָך זיין צייט צו דערמאָנען עס.**

לאה:

**אָבער ניט איצט.**

שרה

צו הירשן:

**כ'וועל נעמען דאָס קלייד וואָס איך האָב אויסגעקליבן.**

הירש נעמט אַרונטער פון הענגער אַ קלייד, גיט עס שרהן. אַלע איבעריקע פרויען כאַפּן עס אונטער. שרה זעצט זיך אויף אַ בענקל. האַלט ניט אוים. נעמט שטיל וויינען. ס'קומען



אַריין צוויי קלעזמער. אַ פידל און אַ פלייט. רחל גיט זיי אַ וואונק זיי זאָלן עפּעס שפּילן. זיי נעמען שפּילן שטיל דעם ניגון פון אני מאמין. דער אַלטער פּליט און דער יונגער פּליט קומען אַריין. שטעלן זיך ביי אַ וואַנט. מען באַמערקט זיי קוים. שרה הייבט זיך אויף, גייט אַרויס אין באַגלייטונג פון די פרויען, טראַגנדיק אויפן אָרעם די חופּה־קלייד. די קלעזמער און אויך נחמן נאָך זיי.

חירש

מיט פרייד:

**יידע! איר זייט דאָ? מיר זוכן דאָך אייך אַרום די גאַנצע טעג.**

אַלטער פּליט:

**אַוודאי בין איך דאָ, מיין זון. און ניט אַליין — זעסט דאָך.**

חירש

צום יונגן:

**אויך צו אונדז? מיטן זיידן? שלום עליכם.**

יונגער פּליט:

**יע, מיטן זיידן. עליכם שלום.**

חירש:

**אַקוראַט צו דער חופּה אָנגעקומען.**

אַלטער פּליט:

**זאָל זיין צו מזל און צו ברכה.**

חירש:

**דאָס איז טאַקע געווען די כלה אַליין.**

יונגער פּליט:

**מיר זיינען זיך משער.**

חירש:

**און איך אַליין האָב גענייט דאָס חופּה־קלייד. — פון וואַנען קומט אַ ייד?**

**יונגער פּליט:**

פון וואַנען אַן ערך זאָל אַ לאַגער־־ייד קומען?

**הירש:**

אמת טאַקע, אַ נאַרישע שאלה פרעג איך. אין דער אמתן, וואָס איז דער חילוק? יעדער ייד וואָס קומט צו אונדז איז טייער. יעדער ייד וואָס זוכט זיך אָפּ און שטייט אויף צום לעבן צוריק, איז דאָך אַן אוצר.

**יונגער פּליט:**

אייערע רייד געפעלן מיר.

**הירש:**

וואָס שייך — געפעלן? ס'איז מיר אַזוי לייכט דען עס צו זאָגן? כ'בין ניט קיין גרויסער קאָפּ־מענטש, כ'בין אַ פּשוטער ייד, אָבער אַז איך זע אַ נייעם פּליט אָנקומען צו אונדז, ווילט זיך מיר גיין טאַנצן אַנטקעגן אים. ווען אַפילו משיח אַליין וואָלט היינט געקומען אַהער, וואָלט ער קיין אַנדער זאַך ניט באַדאַרפט טאָן ווי נאָר: זיין צווישן אונדז.

**יונגער פּליט:**

וואָס מיינט איר — זיין?

**הירש:**

אַט דאָס וואָס איך מיין — ז י י ן מיט אונדז, דאָס אַלץ. און פרייען זיך. מער גאָרניט. פרייען זיך.

**יונגער פּליט:**

פרייען זיך — מיט וואָס?

**הירש:**

מיט דעם וואָס מיר זיינען פ אַ ר אַ ן. מער גאָר ניט. זיין גליקלעך וואָס ייִדישע ליפּן גיבן נאָך היינט אַ שמייכל. מער גאָר ניט. וואָס ייִדישע אויגן קאָנען נאָך קוקן, וואָס ייִדישע הענט קענען זיך נאָך



אויסשטרעקן און דערלאַנגען אַ שלום עליכם. מער גאָר ניט. איר פאַרשטייט — זיין צווישן אונדז און העלפן דעם שמייכל, מער גאָר ניט.

**יונגער פּליט:**

רעדט נאָך.

**הירש:**

וואָס שייך — ריידן נאָך? אַ ביטער רחמנות היינט אויף אַ לעבעדיקן ייד. — צי דאַרף איך אייך זאָגן וואָס עס מיינט: אַ ייד איז נאָך היינט אַ לאַגערניק? איר ווייסט עס אַליין. — אַזאַ צער אויף יעדנס פּנים. — אַז אַ ייד האָט נאָך היינט כּוח צו זיין וואָס ער איז, אַז אַ ייד איז נאָך היינט מסכּים צו לעבן — באַדאַרף מען דאָך אים אויס־קושן אַלע אבֿרים דערפאַר. — איר פאַרשטייט — נאָך דאַכאַו מסכּים זיין צו לעבן! אָבער, מען מוז מסכּים זיין.

אַלטער פּליט שטייט אין דער זייט און שמייכלט צופרידן.

**אַלטער פּליט:**

מיינע ווערטער.

**יונגער פּליט:**

ס'געפעלט מיר אויך ווי איר זאָגט: מען מוז מסכּים זיין.

**הירש:**

אוודאי, אַ ייד מוז, ווייל ער איז אַ ייד. אַזוי ווי דער ייד האָט אַמאָל נאָך מצרים מקבל געווען די תורה, אַזוי דאַרף ער היינט נאָך דאַכאַו מקבל זיין דאָס לעבן. ווארעם ווי די תורה איז הייליק, אַזוי הייליק איז דאָס לעבן פון אַ ייִדן, און אפשר נאָך הייליקער.

**יונגער פּליט:**

אַ הויכער רעיון —

**הירש:**

וואָס שייך אַ הויכער רעיון? ניט איך אַליין טראַכט עס. די גאַנצע שארית הפּליטה טראַכט אַזוי. איר וועט עס הערן פון יעדן פּשוטן ייִדן.

**יונגער פליט:**

רעדט נאך.

**הירש:**

פארוואס הייסט איר מיר ריידן נאך? — איר קוקט אויף מיר מיט אזוינע מאדנע אויגן.

**יונגער פליט:**

ס'איז אייך ניט גוט וואס איך קוק אויף אייך?

**הירש:**

אדרבה. פארקערט. איר געפעלט מיר.

**יונגער פליט:**

איר געפעלט מיר אויך.

**הירש:**

איר וועט דאך בלייבן אין לאגער ביי אונדז? — בלייבט, בלייבט.

**אלטער פליט:**

אוודאי בלייבן מיר.

**הירש:**

האט איר שוין וואו צו שלאפן?

**אלטער פליט:**

מירן שוין געפינען.

**הירש:**

אונדזער באראק איז איבערגעפאקט, א שאד. מיר מוזן אויפזוכן ערגעץ אונדזער לאגער־פארוואלטער, ער זאל געפינען פלאץ פאר אייך. קומט מיט מיר.

ס'קומט אריין אברהם, הירש צו אים:

גוואלד, מען זוכט דאך אייך ארום. מען וארט דאך אויף אייך מיט דער חופה.



**אברהם:**

ש־ש־ש, מאכט ניט קיין גוואלדן. שרה איז דא געוועז?

**הירש:**

אוודאי געוועזן. גענומען איר חופה־קלייד.

**אברהם:**

גענומען? — נו, געלויבט דער אויבערשטער.

דערזעט די צוויי פליטים.

א, זיידע! איר זייט דא? גוט וואס איר זייט דא. זייער גוט.

צום יונגן:

איר קומט דאך אויך אויף דער חתונה.

**יונגער פליט:**

אויב איר פארבעט מיך.

**אברהם:**

כ'האב אייך, דוכט זיך, שוין פארבעטן. פארבעט איך אייך נאך אמאל. ס'וועט טאקע זיין פאר מיר א כבוד, זיידע, אז איר וועט זיין מיינע אונטערפירער —

**אלטער פליט:**

אוודאי וועלן מיר זיין. אוודאי.

**הירש:**

מיר האבן ניט קיין סך צייט, יידן. קומט, קומט. מיר דארפן נאך געפינען א געלעגער פאר אונדזערע ליבע געסט.

אלע אפ. ס'קומט אריין שרה די ערשטע מיט יצחקלען. ער איז נאך האלב פארשלאפן. זי זעצט אים אוועק.

**שרה:**

האסט גענוג געשלאפן, יצחקל. רייב זיך אויס גוט די אויגן, מיין קינד.

**יצחק :**

וואַס וועלן מיר טאָן דאָ, מאַמעלע ? לאָמיר בעסער גיין אַהין, צו דער חתונה.

**שרה :**

מיר וועלן באַלד גיין, יצחקל.

זי גייט צו צום שראַנק, עפנט דאָס טירל. ס׳גיבן אַ לויכט די חופּה־קליידער. זי נעמט אַראָפּ אַ קלייד, מעסט עס צו צו זיך.

וואָס זאָגסטו, יצחקל — ס׳פּאַסט מיר ?

**יצחק :**

ביסט אַ שיינע מאַמע.

**שרה :**

זאָל איך עס אָנטאָן, יצחקל ?

**יצחק :**

וועסטו דאָך אויך זיין אַ כלה.

**שרה :**

וואָס־זשע מיינסטו, יצחקל, — איך טאָר עס ניט זיין מער ? איך טאָר מער ניט מאָנען צוריק מיין חופּה־קלייד, מיינע קלעזמער, מיין בדחן און — מיין חתן ?

**יצחק :**

דעם טאַטעלע ?

**שרה :**

איך פרעג דיך, יצחקל — איך טאָר עס ניט מאָנען מער ? ס׳איז דאָך אַפילו נאָך קיין יאָר ניט אַריבער. צי ס׳איז טאַקע ניטאָ שוין מער ניט קיין דין און ניט קיין משפּט ? און אַז מיר זיינען פאַר־ברענט — איז שוין אַלץ טאַקע אויס ? איז שוין אַלץ הפקר ?

זי שטייט מיטן קלייד אין די הענט אַנטקעגן יצחקלען.

איך פרעג דיך, יצחקל, זאָג מיר.



**יצחק :**

וואָס ווילסטו זאָל איך זאָגן, מאַמעלע ?

**שרה :**

זאָג, צי ס׳איז רעכט אַזוי ? עמעצער דאַרף דאָך עס זאָגן ; טאָ זאָג עס, יצחקל, דו. זאָג עס.

**יצחק :**

דו וויינסט דאָך, מאַמעלע. וויין ניט, וויין ניט.



# צענטע סצענע

אין דער אַרמאַרי. גרויס און טונקל. אַ בינע. דער פֿאָרהאַנג פֿאַרצויגן. אויף דער בינע אַן עמוד מיט אַ יזכור־טאַוול. גרויסע ליכט ביים טאַוול. הירש און נחמן שטעלן אויף די חופּה־שטאַנגען, פֿאַרציען איבער זיי אַ בלויען טוך.

**הירש:**

**צינד אָן צוריק די לאָמפּן איבער דער אַרמאַרי.**

**נחמן**

קוקט דורכן פֿאָרהאַנג:

**קיינער ניטאָ.**

**הירש:**

**געווען שוין אַ היפּשער עולם.**

**נחמן:**

**געוואַרט און ניט דערוואַרט זיך.**

**הירש:**

**וועט צוריקקומען באַלד. ס'וועט זיין אַ חופּה ווי עס באַדאַרף צו זיין.**

אַ קול פֿונעם אומבאַקאַנטן ייד אין דער טונקלקייט.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**ס'וועט ניט זיין.**

**הירש:**

**ווער זאָגט עס?**

**אומבאַקאַנטער ייד:**

**איך זאָג עס. ס'וועט ניט זיין קיין חופּה.**

**נחמן:**

וואָס איז דאָס פאַר אַ משוגעת? וועמענס קול איז דאָס?

**הירש:**

עמעצער פון אַהינטערן פאָרהאַנג, זעט אויס. מען דאַרף אָנצינדן די יזכור־ליכט.

**נחמן:**

דאָס וויל איך טאַקע טאָן.

*צינדט אָן די ליכט. אומבאַקאַנטער ייד באַווייזט זיך פון דער טונקלקייט. קומט אַרויף אויף דער בינע.*

**אומבאַקאַנטער ייד:**

דאָס געפעלט מיר.

**הירש:**

וואָס געפעלט איך?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

מען צינדט ליכט נאָך אונדז.

**הירש:**

וואָס מיינט איר — נאָך איך?

**אומבאַקאַנטער ייד**

*צעלאַכט זיך:*

ער ווייס נים וואָס איך מיין. אַב קומען זיי דאָך.

**הירש:**

ווער?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

ווי מען צינדט אָן ליכט — אַזוי קומען מיר.

**נחמן:**

לאָז אים אָפּ.



**הירש:**

שטערט אונדז ניט, ר׳ ייד.

**אומבאַקאַנטער ייד**

*קומט צו צו דער אויפגעשטעלטער חופה. נעמט זי פונאַנדערוואַרפן:*

כ׳וועל ניט לאָזן.

**ביידע:**

*שטויסן אים אָפּ:*

אָן אָנשיקעניש! גייט אַוועק פון דאַנען.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

וואָס הייסט אַוועקגיין? — מיין עולם איז דאָך שוין דאָ.

**נחמן:**

וועלכער עולם?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

איר מעגט זיך צוהערן ווי מיין עולם קומט. איר מעגט. דער חלל איז שוין פול מיט טויזנטער מחותנים. צי איר הערט ניט?

**נחמן**

*מיט שרעק צו הירשן:*

קום אַרויס אין דרויסן, איך בעט דיך.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

ניט שיין פאַר קאַצעטניקעס צו זיין פחדנים.

**הירש:**

וואָס ווילט איר פון אונדז?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

איך ווייס דאָך אַז איר נעמט מיך אָן פאַר אַ משוגענעם. איך ווייס דאָך. איז דאָס אָן אומרעכט. יידן טאָרן ניט באַגיין קיין אומרעכט.

אַז איך בעט ייִדן זאָלן מיך ברענגען צו קבר־ישׂראל, דאַרפן ייִדן עס טאָן.

**הירש:**

אפשר קענט איר רעדן אַזוי אַז מיר זאָלן פאַרשטיין וואָס איר מיינט?

**אומבאַקאַנטער ייִד:**

דאָך אַזוי פּשוט. מען האָט מיך אין ערגעץ ניט מקבר געווען. און אַ ייִד דאַרף דאָך ליגן ניט אויבן אויף דער ערד, ווי אַ שטיין אַרומ־וואַלגערן זיך, נאָר אינעווייניק, אין דער ערד, און — צווישן ייִדן. דער אַלטער אליהו הנביא האָט מיך אַנגערירט — בין איך אויפגע־שטאַנען. זינט דאַן וואַגל איך אַרום — אַ פרייער מת. אַ הפקר־מת. קומט דאָך אויס אַז אפשר לעב איך גאָר. און אפשר לעבט אויך מיין ווייב ערגעץ? — איצט קומט מיר אַרויף אויפן זינען אַז כ׳האָב געהאַט אַ ווייב. וואָרט אַ ווײַלע — אַנטלויפט ניט — לאָמיר זיך דערמאָנען ווי זי האָט אויסגעזען — לאָמיר זיך דערמאָנען — אַנטלויפט ניט — פּחדנים —

הירש און נחמן יאָגן אַרויס. די אַרמאַרי ווערט אָנגעפילט מיט אַ גערויש פון טויזנטער פליגל. די ליכט שפּרינגען, שפּריצן, דער אומבאַקאַנטער ייִד שטרעקט אויס זיינע הענט.

קומט אַהער, ברידער און שוועסטער, קומט אַהער, אַהער, נעענטער צו די ליכט. — איר אַלע, וועמען זיי, די לעבן־געבליבענע, רופן קדושים. קומט אַהער, אַהער, אַהער. — — לאָמיר האָבן אַ וויכוח וועגן זיי און אויך מיט זיי.

אין אַ פונאַנדערגעגאָסענעם טונקל־רויטלעכן ליכט באַוועגן זיך געשטאַלטן פון מענער, פרויען און קינדער, פילן אָן די גאַנצע אַרמאַרי. אַ ים מיט גליענדיקע אויגן ווי פון אַ תהום אַרויס.

**שטימען**

פון דער טיפעניש:

מיר האָבן ניט קיין וויכוח. מיר זיינען אַרויס פון קבר. געקומען צו דער חתונה. געקומען מיט שלום. געקומען ווי מען האָט אונדז פאַרבעטן.



**אומבאַקאַנטער ייִד:**

ווער האָט אייך פאַרבעטן?

**שטימען:**

איעדער לעבעדיקער ייִד האָט אונדז פאַרבעטן.

**אומבאַקאַנטער ייִד:**

ס׳איז אייך גוט צו זאָגן: מיר זיינען אַרויס פון קבר; און ווי איז אַז איך קען עס ניט זאָגן? צי עמעצער פון אייך קאָן דערמאָנען מיך ווער איך בין און וואו איך ליג?

אַ שטיל געלעכטער פון דער טיפעניש.

פאַרוואָס שווייגט איר? איר לאַכט גאָר, הער איך. צי לאַכט איר עס פון מיר? צי מיינט עס אַז אויב איר ליגט אין גרויסע ברודער־קברים זייט איר שוין גרעסערע יחסנים פון מיר?

די בינע ווערט אָנגעפילט מיט געשטאַלטן.

**קלעזמער־געשטאַלט:**

מיר זיינען געקומען אַהער אויף אַ חתונה, ניט אויף עפּעס אַנדערש.

**בדחן־געשטאַלט:**

ריכטיק ווי גאָלד.<br>
אַ חתונה האָב איך האָלט;<br>
אַפילו נאָכן טויט<br>
איז אַ בדחן ניט קיין יאָלד.<br>
איין נאָכט צו זיין אויף —<br>
באַדאַרף מען ניט קיין גוף,<br>
גענוג נאָר אַ שפּרונג,<br>
אַ וואונק פון אַ זונג,<br>
גענוג נאָר אַ שלונג<br>
מיט דער צונג.

**צווייטער קלעזמער:**

מעגן מיר, הייסט עס, נעמען שפּילן אויף אונדזערע פאַרברענטע פידעלעך?

רב־געשטאַלט:

איך בין מסכים. איך דאַרף אָבער וויסן צי אונדזער גאַנצער קהל איז מסכים.

אַלע:

מיר זיינען מסכים.

אומבאַקאַנטער ייד:

איך ניט.

רב־געשטאַלט:

אַ העזה צו שטעלן זיך קעגן דעת הקהל.

אומבאַקאַנטער ייד:

מתים זיינען ניט קיין קהל.

רב־געשטאַלט:

רבותי, חלילה אונדז פון אָנצונעמען אַזאַ מחשבה. אַלע לעבעדיקע יידן טראַכטן וועגן אונדז ווי וועגן לעבעדיקע. דאַרפן מיר אויך אַזוי טראַכטן וועגן זיך. מיר זיינען ניט פאַרגאַנגען. מיר זיינען ניט פאַרגעסן. מיר זיינען ניט קיין מתים. מיר לעבן אין זייערע תפילות. זיי זיינען זיך מתיחד מיט אונדז און מיר מיט זיי. מיר טראָגן ניט קיין תרעומות אויף זיי. יעדער זכר אָן די לעבעדיקע יידן פילט אונדז אָן מיט מתיקות —

פאַרטיזאַן־געשטאַלט:

אמת, אמת. אויך איך האָב ניט קיין סיבה צו טראָגן אַ כעס אויף די ברידער אונדזערע וואָס זיינען לעבן געבליבן. אויך איך האָב ניט קיין סיבה צו זיין פאַרביטערט. כ׳בין געשטאָרבן אין ווידערשטאַנד. כ׳האָב זיך ניט געלאָזט שעכטן. כ׳האָב געטאָן מיינס. כ׳האָב אָוועקגעלייגט אַזוי פיל נאַצי־רוצחים וויפל כ׳האָב נאָר געקענט. בין איך רואיק. און די יידן וואָס זיינען לעבן געבליבן — זאָלן לעבן. און זאָלן זיי אָנגיין מיטן לעבן ווי זיי באַדאַרפן.

אומבאַקאַנטער ייד:

און אַז איך בין ניט געווען קיין פאַרטיזאַן?



פאַרטיזאַן־געשטאַלט:

האָב איך אויך צו אייך גאָרניט.

אומבאַקאַנטער ייד:

אָבער איך האָב יע צו זיך. — עפּעס דערמאָן איך מיך אַ ביסל — זיי האָבן מיך געשלעפּט ווי מען שלעפּט אַ קאַלב.

רב־געשטאַלט:

ניט דעם יידנס חרפּה; דעם רוצחס!

אומבאַקאַנטער ייד:

אַ רבי — זיי האָבן מיר אויסגעשטאָכן אַן אויג, און אויסגעקלאַפּט אַלע ציין, און איבערגעשניטן מיר מיין גאַנצן פּנים, און איך האָב געפּויזעט אויף דער ערד, און איך האָב געגרעוועט —

רב־געשטאַלט:

ניט דעם יידנס חרפּה.

אומבאַקאַנטער ייד:

און זיי האָבן געטראָטן אויף מיר,
און זיי האָבן געשפּיגן אויף מיר,
און זיי האָבן מיך געשלעפּט,
און איך האָב זיך געלאָזט שלעפּן.

רב־געשטאַלט:

ניט דעם יידנס חרפּה.

אומבאַקאַנטער ייד:

און זיי האָבן מיך אָוועקגעוואָרפן
צווישן שטיינער און דאָרן־קוסטעס,
און איך האָב זיך געלאָזט וואַרפן,
און איך האָב זיך געלאָזט אַוועקלייגן,
און איך בין געלעגן נאַקעט און אָפּגעדעקט — —

ס׳הערן זיך שלוכצן.

רב־געשטאַלט:

ניט דעם יידנס חרפּה. און ניט צום וויינען איצט.

**בדחן־געשטאַלט:**

שייך צו וויינען,
שייך צו קלאָגן?
מה נדבר —
וואָס איז צו זאָגן?

נעמט בעסער, קלעזמער,
נעמט בעסער שפילן —
צונג צו פאַרשטילן,
האַרץ צו פאַרשפילן.

מיר זיינען טאַקע
מתים יחסנים —
יזכור־ליכט ברענען
גליך אונדז אין פנים.

זעט ווי עס שטייט דאָ
בפירוש געשריבן:
זעקס מיליאָן קדושים. —
וויפל געבליבן?

נעמט זשע, נעמט, קלעזמער,
שמערל און יידל,
ציט־אָן די סטרונעס
אויף אַשיקן פידל.

זעקס מיליאָן יידן —
דאָס מיינט מען אונדז אַלע,
שפילט זשע אַ פריילעכס
פאַר חתן און כלה.

**קלעזמער־געשטאַלט:**

דער רבי הייסט שפילן?

**רב־געשטאַלט:**

שפילט, רבותי, שפילט.

קלעזמער־געשטאַלטן שפילן אַ באַזעצנס שטיל און איינגע־האַלטן. דאָס רויטע ליכט ווערט ביסלעכווייז טונקעלער.



**בדחן־געשטאַלט:**

הערט, רבותי, דאָס געשפיל
אײדער חתן־כלה קומען, —
איידער, איידער, איידער, איידער
מאָן האָט ווייב צוריקגענומען.

ווייב פאַרפוצט אין כלה־קליידער.
כלה איז געווען שוין כלה,
חתן איז געווען שוין חתן,
ווערן זיי צוריק נתעלה
אין אַ נייעם בונד געשלאָסן;

און אַ קינד וועט זיין געבוירן,
ווייל אַזוי איז שוין דער סדר.
ס'איז אַזוי פאַרזאָגט געוואָרן
איידער, איידער, איידער, איידער...

יידן מיינע, ברידער מיינע,
זעט אין פידעלע וואָס ס'שטעקט נאָך. —
הערט די שטילקייט פון דער טענה,
ווי די טענה וויינט נאָך, שרעקט נאָך.

ניט געוויינט מער, ניט געשראָקן,
לעצטע סטרונע ניט פאַרשעמען.
סיי אַ קינד און סיי אַ זקן —
שליסט צונויף די וואָכע ברעמען,
אין אַ טאַנץ זיך אַלע נעמען.

אַלע דאַרפן מיר זיך גרייטן,
אַלע גיבן מיר אַ נדר
חתן־כלה צו באַגלייטן —
איידער, איידער, איידער — — —

**אומבאַקאַנטער ייד:**

איידער וואָס?

**בדחן־געשטאַלט:**

איידער מיר קערן זיך צוריק אין אונדזער רו אַריין.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

איך נעם ניט אָן דעם נדר. איך קען זיך צו מיין רו ניט צוריקקערן.
איך וועל בלייבן דאָ און רייסן פאַסן פון אַלעמען.

**רב־געשטאַלט:**

עס מוז זיין שלום צווישן אונדז און צווישן די לעבן־געבליבענע,
בשם עם ישראל.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

עס קען ניט זיין קיין שלום ווען אַפילו איינער נאָר איז ניט מסכים,
בפרט ווען איך בין ניט איינער.

**רב־געשטאַלט:**

ווער נאָך פון צווישן אונדז איז ניט מסכים? זיינען מיר אַלע דאָ,
צי עמעצער פעלט?

**פאַרטיזאַן־געשטאַלט:**

אַ מאַמע מיט איר ייִנגעלע פעלן.

**רב־געשטאַלט:**

ווי הייסן זיי?

**פאַרטיזאַן־געשטאַלט:**

שרה און יצחק.

**רב־געשטאַלט:**

אַזוינע הייליקע נעמען — אײַ־אײַ־אײַ! פון וואַנען ווייסטו, מיין זון?

**פאַרטיזאַן־געשטאַלט:**

זיי ליגן לעבן מיר אין דאַכאַו. דאָס ייִנגעלע אַקוראַט ביי מיין זייט.
מיר זיינען צוזאַמען געגאַנגען אַהער. און אָט זע איך זיי ניט דאָ.

**רב־געשטאַלט:**

האָבן זיי, חלילה, תרעומות אויף עמעצן פון אונדז?

**פאַרטיזאַן־געשטאַלט:**

איך האָב ניט געהערט אַז זיי זאָלן האָבן אויף אונדז תרעומות.



**רב־געשטאַלט:**

האָבן זיי חלילה תרעומות אויף עמעצן פון די לעבעדיקע?

**אומבאַקאַנטער ייד:**

מסתמא האָבן זיי — אַזוי ווי איך.

ס'דערהערן זיך קלעזמער פון דרויסן.

**בדחן־געשטאַלט:**

די לעבעדיקע חתונה קומט. שפּילט־אויף, קלעזמאָרים אונדזערע.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

איך הייס ניט.

**פאַרטיזאַן־געשטאַלט:**

איך הייס. מיר דאַרפן געבן חתן־כלה
אונדזער קבלת־פּנים. —

**רב־געשטאַלט:**

אין אַ מזלדיקער שעה.

**בדחן־געשטאַלט:**

אין אַ מזלדיקער שעה,
אין אַ גליקלעכער שעה.
די חתונה איז דאָ,
נאָר מיר זיינען ניטאָ.

שפּילט, שפּילט, פידעלעך,
אונדזערע פידעלעך,
איבערגעברענטע אין העלישן פלאַם,
מיליאָנען זיינען מיר — פאַרגאַנגענע יידעלעך,
מיר זינגען אַלע צו בים־באַם־באַם.

**אַלע:**

בים־באַם־באַם.

**רבי־געשטאַלט:**

אל מלא רחמים —
גאָט מיט דערבאַרעמדיקייט פול, —
אין נאָמען פון אונדז טויטע
המצא מנוחה צו דער שארית הפליטה.
שענק פון דיין חסד צו אַלע ידן
וואָס זיינען לעבן געבליבן;
ברענג זיי אונדזערע ברכות
וואָס זיינען מיט פייער פאַרשריבן;
גיב זיי, און גיב זיי פרידן,
און בענטש זיי צו זיין ל ע ב ע ד י ק ע ידן.

די פידעלעך שפּילן, גיסן זיך צונויף מיטן קלעזמער־שפּיל, וואָס קומט אָן אַלץ נענטער פון יענער זייט, פון דרויסן. עס קומען אַריין הירש און נחמן, דער אַלטער פּליט און דער יונגער פּליט. אַלע געשטאַלטן ליזן זיך אויף אין חלל, אַחוץ דעם אומבאַקאַנטן ידנס, וועלכער שטייט ווי אַ שטיק פאַר־גליווערונג.

**הירש:**

ער איז ווידער דאָ.

**אַלטער פּליט:**

דאָס מאָל בין איך דיך מתרה מיטן האַרבן וואָרט: גיי צו דיין רו.

**אומבאַקאַנטער ייד**

צום יונגן:

וואָס זאָגסטו?

**יונגער פּליט:**

די חופּה מוז געשטעלט ווערן.

**אַלטער פּליט:**

איך בין דיך מתרה צום צווייטן מאָל: גיי אין דיין רו אַריין.



**אומבאַקאַנטער ייד:**

וואו איז זי מיין רו?

**אַלטער פּליט:**

דיין רו — זי וואַרט אויף דיר ביים מצבה־שטיין.

**אומבאַקאַנטער ייד:**

דיין התראה מיינט — שוין?

**אַלטער פּליט:**

ד י רגע! תיכף!

**אומבאַקאַנטער ייד**

געענדערט מיטאַמאָל. פריידיק־נאָכגיביק:

איך פאָלג דיך, גוטער נביא.
אויף אָט־די ווערטער קוק איך שוין פון לאַנג אַרויס:
„דיין רו — זי וואַרט אויף דיר ביים מצבה־שטיין".
איין הויך נאָר פון דיין אָטעם האָט מיך אויפגעוועקט,
און איצטער זאָגסטו אַז מיין רגע איז געקומען
צו גיין זיך לייגן ביים מצבה־שטיין.
איז טאַקע אמת אַז מיין רגע איז געקומען.
איך פאָלג דיך מיט מיין פולן רצון,
און ד י י ן רצון זאָל זיין געבענטשט;
און אויך אַזוי זאָל זיין געבענטשט
דער שטיין, וואָס האָט געוואַרט אויף מיר,
געוואַרט אויף מיר מיט אָן אַ שיעור געדולד,
געוואַרט אויף מיר מיט חסד.
איך גיי צו אים,
איך קום צו אים,
צו מיין געטרייען שומר־שטיין,
צום אַפּהיטער פון מיינע דלד־אמות.
אַזוי פיל מאָל געשטאַנען לעבן אים,
אַזוי פיל מאָל אים אַנגערירט —
און ניט אַריין אין אים,
און ניט געלייגט זיך אונטער אים.

אויף עפּעס וואָס אַרויסגעקוקט ? —
אויף וואָס ?
אויף עפּעס וואָס געהאַפּט ? —
אויף וואָס ?
אין טעג האָב איך געזוכט דעם שלאָף פון נעכט,
אין נעכט — די וואַכיקייט פון טעג.
אַזוי ווי איך, האָט דער פרימאָרגן נאָר איין אויג
און נאָר איין צאַפּלדיקע זייט פון פּנים;
וועל איך איצט גיין און ברענגען אים אויך מ י י ן אויג —
וועט ער שוין האָבן צוויי, ווי גאָט אַליין,
ווי גאָט ברוך הוא אַליין. — — —
צי דאַרף איך עפּעס נאָך אויף אָט דער ערד ?
ניין, ניין. איך דאַרף ניט מער.
איך האָב געהאַט גענוג, גענוג, גענוג,
ווי גאָט ברוך הוא אַליין.

טרעט אויף צוריק, הינטערווייַלעכטס, פאַרשווינדט אין דער טונקלקייט. הירש און נחמן גרייטן צו די חופּה.

**אַלטער פּליט**

צום יונגן:

די ייִדן זייַנען אָנגעפילט מיט פּחד.
זיי זו שטאַרק און זיי משפּיע.
ס׳איז אַ כשרע חתונה. ס׳איז אַ נס־חתונה.
דער הסכם פון די אומגעקומענע איז דאָ.

**יונגער פּליט:**

דער הסכם פון אַלע ?

**אַלטער פּליט:**

אויב ווער פון זיי איז נאָך ניט מסכים, וועט ער מוזן מסכים זיין.
אַזוי דאַרף זיין אונדזער רצון.

**יונגער פּליט:**

און דער רצון פון די וואָס זייַנען ניט מסכים ?



**אַלטער פּליט:**

אויך זייער הסכמה וועט קומען. וועט מוזן קומען. און איצט לאָמיר גיין אַנטקעגן דעם חתן און זיין צווישן די אונטערפירער, ווי מיר האָבן צוגעזאָגט.

ביידע אָפּ שנעל. הירש און נחמן האָבן אויפגעשטעלט די חופּה ווי עס באַדאַרף צו זיין.

**הירש:**

איצט לאָמיר עפענען דעם פאָרהאַנג.

זיי עפענען. די אַרמאַרי איז פול. אַ געררויש. אין אַ סך הענט ליכט. מען פירט דעם חתן. מען פירט אים דורכן עולם צו דער בינע. יעקב, יצחק, לאַגער־דירעקטאָר, אַלטער פּליט, יונגער פּליט — די אונטערפירער. זיי פירן אַרויף אברהמען, שטעלן אים אַוועק אונטער דער חופּה. וויפל עס קאָנען אַרויף אויף דער בינע גייען אַרויף. קלעזמער שפּילן.

**אַלטער פּליט:**

רבותי, יעקב וועט מקבל פּנים זיין דעם חתן.

**יעקב:**

חתן, חתן, טייַערער חתן —
ערשטער חתן פון פערנוואַלד,
שטעל די טריט דייַנע פעסט און זיכער,
לעבן מוזן מיר איבער גוואַלד.

זאָל איך דאָ אויסרעכענען גאָר די יסורים
וואָס באַגלייטן אונדז אַלע דאָ ?
ווער ס׳איז פאַרשוואונדן און ווער ס׳איז געקומען,
ווער ס׳איז פאַראַן און ווער ס׳איז ניטאָ.

אַלע פאַרשוואונדן — אַלע געקומען,
אַלע פאַראַן און אַלע ניטאָ,

חתן, חתן — טייערער חתן
אין אַ מזלדיקער גוטער שעה.

שטיל געכליפּ פון עולם.

חתן, חתן, טייערער חתן.
אַלע ווינטשן דיר מזל־טוב.
לאָמיר היינט ריידן נאָר פון נחמה,
נאָר וועגן אָנהייב, ניט וועגן סוף.

טאָקע דאָס הייליקע פייער פון יזכור
ווינקט צו אונדז אַלע אין אַ גוטער שעה.
אַלע נשמות פון אונדזערע קדושים
זיינען מיט אונדז אויף חתונה דאָ.

לשנה הבא בירושלים —
בירושלים לשנה הבאה.

**עולם:**

לשנה הבאה בירושלים —
בירושלים לשנה הבאה.

**אַלטער פּליט:**

שפּילט אַ פריילעכס, קלעזמער.

קלעזמער שפּילן. אַלטער צו אברהמען:

זיי שטאַרק, אברהם.

**אברהם:**

אַ דאַנק, זיידע.

מען פירט די כלה דורכן עולם. רחל, רבקה, לאה — די אונ־טערפירערינס. מען פירט זי אַרויף. שרה קען זיך ניט באַ־הערשן. נעמט וויינען.

**אַלטער פּליט**

צו יצחקן:

יצחק וועט מקבל פנים זיין די כלה.



**יצחק:**

ניין, ניין. איך קען ניט, זיידע. מיינע ווערטער שטיקן זיך אין מיר.

**אַלטער פּליט:**

ביסט נאָך אַלץ אַ כעסדיקער, מיין זון?

**יצחק:**

ניין, זיידע. איך בין ניט אין כעס. אָבער רעדן איז מיר שווער.

**אַלטער פּליט**

צום יונגן פּליט:

זיי דו מקבל־פּנים די כלה.

**יונגער פּליט**

אין גרויס פאַרלעגנהייט:

איך?

**אַלטער פּליט:**

יאָ, מיין זון.

**יונגער פּליט:**

ניט געריכטעדהייט?

**אַלטער פּליט:**

טו זיך אָן אַ כוח. דו זעסט — די כלה וויינט. מען דאַרף זי באַרואיקן.

**יונגער פּליט:**

כלהשע, כלה — ניט וויין.
דאָס האַרץ פון דיין חתן איז ריין
אַזוי ווי אין פייער געלייטערט.
געוועזן איז אַיעדער אין פלאַם.
אַפילו ווען ניט אומגעקומען,
אַפילו ווען ווייט און דערווייטערט
פון קויל און פון גאַזיקן סם.
אַיעטווידער ייד איז אַ פייער,

וואָס פלאַקערט און פלאַקערט ניט אויס —
אויף שייטערס, צי אויף אַ מזבח,
צי גאָר אויף אַ בעט פון אַ הויז.

פויזע.

כלהשע, כלה, ניט וויין,
די פּחדים וועלן אַלע פאַרגיין
מיט אַלע רשעים צוזאַמען.
איך שטרעק אויס צו דיר מיינע הענט
באַלויכטן מיט יזכור־ליכט פלאַמען.

כאָטש איך אַליין בלייב ניט דערקענט —
ווערט איר פאַר מיר אַלע נתגלה
אויפסניי, און געבענטשט זאָלט איר זיין,
ווי ס'בענטשן דעם בעכער מיט וויין
די ליפּן פון חתן און כלה.

**יעקב :**

טייערע ווערטער.

**הירש :**

נחמהדיקע ווערטער.

**נחמן :**

זאָגט עפּעס נאָך, ברודער.

**יונגער פּליט :**

דאָס האַרץ גייט אונדז אַלעמען אויס
נאָך יעדן פאַרהאַלטענעם שמייכל.
— מיין קינד, רעדט אַ טאַטע אַרויס,
און זאָגט צו דעם קינד: זיי מיר מוחל.

צו גלעטן אַ קינד איז אַ נס,
אויך נס ווען זיי מוזן זיך שיידן.



געניג נאָר איין ריינער מעת־לעת —
גאָטס רחמים פאַרהייליקט זיי ביידן.

און איבער זיי ביידן, אין שוץ,
נאָך הייליקער שפּרייט אויס איר פליגל
די מאַמע אין אייביקער גוטס,
וואָס וויגט אויך דעם טויט אין אַ וויגל.

פויזע.

כלהשע, כלה, ניט וויין,
מיין וואָרט פון נחמה איז קליין —
ס'וועט אפשר געגרייסט ווערן מאָרגן;
דערווייל זאָל געניג זיין די פרייד
די קליינע, וואָס פלאַטערט פאַרבאָרגן
אין פאַלד פון דיין העל־ווייסן קלייד —
די קליינע, די קליינינקע פרייד.

האַלט, כלהשע, איין דיינע טרערן,
קום־צו צו דיין חתן, געגעץ —
אברהם און שרה באַלד ווערן
צוריק וואָס זיי זיינען געווען. —

פון אַהינטער דעם עולם צעטראָגט זיך אַ פרויען־אויסרוף —
רער קול פון שרה דער ערשטער, שניידט זיך דורך ווי אַ פייל.

**אויסרוף :**

ניי — — — ן!

אַלע אויפגעציטערט.

**אַלטער פּליט :**

זיי שטאַרק, אברהם. זיי שטאַרק, שרה.
וואו איז דער מסדר קדושין?

קומט צו:

**אַפּריער קומט אל מלא רחמים.**

הייבט אָן זאָגן אל מלא רחמים. ווען ער קומט צו: את נשמת הקדושים והטהורים שנהרגו על קדוש השם, דערהערט זיך פון הינטער דער בינע אַ הילכיקער קלאַפּ און אַן אויסגעשריי, אַזוי ווי עמעצער וואָלט אַ פאַל געטאָן מיט גרויס האַסטיקייט צו דער ערד. עולם גיט זיך אַ הייב אויף, בלייבט שטיין פאַר־גליווערט. דער אל מלא ווערט איבערגעריסן. פון אַהינטער די לעצטע רייען, ביי דעם אַריינגאַנג, באַווייזט זיך שרה די ערשטע און יצחקל. זי איז אויך אָנגעטאָן אין אַ ווייסן חופה־קלייד. זי לאָזט זיך גיין צו דער בינע שלייכנדיק זיך ביי אַ וואַנט, פירנדיק פאַר אַ האַנט יצחקלען. אברהם אונטער דער חופה נעמט איינברעכן, אַרונטערלאָזן זין צו דער ערד. דער עולם גיט זיך אַ ריס צו אים.

**יצחק:**

**מאַמעלע, דער טאַטע פאַלט —**

**שרה:**

**דער וואָס פאַלט — קומט צו זיך, יצחקל.**

יונגער פּליט כאַפּט אונטער אברהמען, פאַרוואַרפט אים אויף זיין אַקסל מיט גרויס גבורה, נעמט אים אַרויסטראָגן. דער גאַנצער עולם נאָך אים אָפּ. ס'ווערט פינצטער. שרה די ערשטע צוגעטוליעט צו אַ וואַנט שטייט אויסגעשטרעקט, יצחקל צוגעפאַלן צו איר. אַלטער פּליט איילט אַריין צוריק.

**אַלטער פּליט:**

**ווער האָט דיר געגעבן רשות אַריינצוקומען ווי אַ לעבעדיקע צווישן לעבעדיקע?**

**שרה:**

**דער עולם האָט מיך ניט געזען; נאָר אַברהם אַליין. ער האָט מיך פאַרבעטן צו זיין חתונה.**



**אַלטער פּליט:**

**ביסט אַברהמען ניט מוחל?**

**שרה:**

שווייגט.

**אַלטער פּליט:**

**ווילסט אברהם זאָל שטאַרבן? ס'איז איצט — ווי דו וועסט זאָגן, אַזוי וועט עס זיין. — איז דיין רצון אַז אברהם זאָל שטאַרבן?**

**שרה:**

שווייגט.

**אַלטער פּליט:**

**איך פרעג נאָך אַמאָל: ווילסט אברהם זאָל שטאַרבן?**

**שרה:**

**ניין. — קום, יצחקל.**

פאַרשווינדן.



# עלפטע סצענע

אַ גרויס צימער אינעם דירעקטאָרס הויז. אויסגעשטעלטע טישן מיט לעקעך, ווײַן און פרוכט. ניט קיין געריכטע. אויף אַ בעט אין אַ ווינקל ליגט אַבֿרהם — האַלב אויסגעטאָן. ער ליגט פאַרזונקען. לעבן אים דער לאַגער־דאָקטאָר און דער דירעקטאָר.

**דאָקטאָר:**

**ער איז אויסער סכנה. כ׳האָב אים געגעבן צום שלאָפן. ער וועט מאָרגן זײַן געזונט. עמעצער איז מיט דער כלה אין צווייטן צימער?**

**דירעקטאָר:**

**יאָ, דאָקטאָר. מען טוט ווי איר האָט געהייסן. זי איז אָבער נאָך אַלץ אין היסטעריע.**

**דאָקטאָר:**

**ניט באַדאַרפט זי פירן פאַרבײַ דעם געפונענעם מת בײַ דעם אַרויס־גאַנג פון דער אַרמאַרי.**

**דירעקטאָר:**

**אַז ווער זאָל וויסן? דער מאָדנער ייד מיטן בלינדן אויג האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט בײַ אונדז שוין עטלעכע טעג. ווער זאָל זיך ריכטן, אַז ער וועט אַ פאַל טאָן טויט גראָד ווען מען וועט שטעלן די חופּה. ער האָט געהאַלטן אין איין טענהן, זאָגט מען, אַז ער זוכט זײַן קבֿר ישׂראל —**

**דאָקטאָר:**

**נו, האָט ער עס ענדלעך געפונען. — — — בײַ אונדז, די־פּיס, קען אַלץ טרעפן. — מיר וויסן דען אויף אַן אמת ווער ס׳איז טויט און**

ווער ניט? — זיי, די רוצחים, האָבן צוגענומען ביי אונדז אַלע זיי־ כערקייטן, אָפּגעווישט אַלע גרענעצן. דאָס סאַמע לעבן האָבן זיי פאַרדייטשט מיט גוואַלד־טויט. מיר דוכט זיך אַמאָל אַז אָט וועט יעדער לעבעדיקער ביי אונדז אין לאַגער נעמען און אַ פאַל טאָן, אויסציען זיך און בלייבן ליגן.

**דירעקטאָר:**

אפשר פאַרקערט: יעדער טויטער וועט נעמען און אויפשפּרינגען, אויפשטיין פון קבר.

**דאָקטאָר:**

נו, איך וויים דאָך — איר זייט אַן אָפּטימיסט.

בויגט זיך איבער אברהמען.

ער איז אין אָרדענונג. — איר ווייסט — דאָס וואָס דער יונגערמאַן פון די אונטערפירער האָט אים אויף שנעל אַ כאָפּ געטאָן אויף זיך און אַרויסגעטראָגן פון געדראַנג אויף דער פרישער לופט — דאָס האָט אים געראַטעוועט. אַ גיבור אַ יונגערמאַן, ווייזט אויס.

**דירעקטאָר:**

ער זעט שוין גאָר ניט אויס ווי קיין גיבור. פאַרקערט. כ׳בין טאַקע געווען נשתומם ווי ער האָט אים אַזוי אַ הייב געטאָן איינער אַליין, אַ נעם געטאָן אים אויפן אַקסל צו זיך, און איינס־צוויי אים אַרויס־ געטראָגן.

**דאָקטאָר:**

זאָגט, אַגב, דעם עולם וואָס אויף דער גאַס, אַז ער זאָל זיך פונאַנדער־ גיין. — גיין אין די באַראַקן צו זיך.

**דירעקטאָר:**

אַ שאָד. דער עולם האָט זיך געריכט משמח צו זיין זיך. איר זעט — כ׳האָב צוגעגרייט טישן. ווייַן און טאַקע צובייסן —

**דאָקטאָר:**

נו, דאָס וועט ניט אַנטלויפן אויף מאָרגן.



**דירעקטאָר:**

יאָ, אמת. די ערשטע חתונה אין לאַגער מוז זיך ענדיקן בכי טוב. מוז. די שמחה וועט טאַקע מאָרגן געפּראַוועט ווערן.

גייט אַרויס דרויסן. דאָקטאָר בייגט זיך איבער אברהמען. הערט זיך צו צו זיין אָטעם. איז צופרידן. גייט צו צום טיש, גיסט אָן אַ גלעזל וויַין, וויל עס צוטראָגן צום מויל, דער־ פילט אַז ס׳איז ניט אָם פּלאַץ — שטעלט אַוועק דאָס גלעזל ווייַן צוריק ניט גערירט. אָפּ אין צווייטן צימער. דירעקטאָר קומט אַריין צוריק פון דרויסן, לאָזט זיך אויך צום צווייטן צימער. דער דאָקטאָר קומט גלייך אַרויס פון דאָרטן.

**דאָקטאָר:**

זי איז שוין כמעט ווי באַרזאיקט. די פרויען לעבן איר גיבן גוט אַכטונג אויף איר. נו — ס׳וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג. זייט מיר געזונט. אַ גוטע נאַכט.

**דירעקטאָר:**

אַוודאי וועט אַלץ זיין אין אָרדענונג. אַ גוטע נאַכט. אַ דאַנק, דאָק־ טאָר, אַ דאַנק.

דאָקטאָר אָפּ. דירעקטאָר באַטראַכט מיט צופרידנקייט אברהמען. גייט שטיל אַריין אין צווייטן צימער. פויזע. ס׳קו־ מען אַריין פון דרויסן אַלטער פּליט און יונגער פּליט. טרעטן אויף די שפּיץ־פינגער. שטייען אַ ווײַלע אברהמען צוקאָפּנס.

**אַלטער פּליט:**

נו, אַדאַנק השם יתברך. אַרויס פון סכנה.

**יונגער פּליט:**

ער שלאָפט רואיק.

**אַלטער פּליט:**

און זי זאָל ניט וויסן, אַז דער מת קדוש איז איר געוועזענער מאַן.

**יונגער פּליט:**

אפשר דאַרף זי יאָ וויסן?

אַלטער פּליט:

גזוינטער אַז ניט. צופיל צער. מיין זון, פאַר אונדזערע אויסגעמאַטערטע ברידער. צופיל צער פאַר אַזאַ ערלעכער שרה.

יונגער פּליט:

יידן דאַרפן האָבן כוח פאַר אַ ל ע יסורים. דיינע אייגענע ווערטער.

אַלטער פּליט:

אָבער מיר דאַרפן יידן אויך שאַנעווען, מיין זון, שאַנעווען.

יונגער פּליט:

צי רעדסטו ניט אַליין אַזוי פיל וועגן אויסהאַלטן, וועגן גובר זיין, וועגן משפּיע זיין? — כ'האָב מסכּים געווען אויף דיין רצון כ'זאָל בלייבן דאָ אין לאַגער —

אַלטער פּליט:

אַ דאַנק השם יתברך דערפאַר.

יונגער פּליט:

האָסטו גאָר, זע איך, ספקות וועגן דעם כוח פון די יידן דאָ? און איך, פאַרקערט, — אין מיר נעמט זיך גאָר שטאַרקן מיין גלויבן אין זייער כוח. דער גרעסטער צער זאָל נתגלה ווערן. זאָל יעדער טראָגן אין זיך זיין אומגעקומענעם נאָענטן, ווי מען טראָגט אַ לעבעדיקן. וועט ניט זיין קיין פּחד. וועט ניט זיין קיין טויט. און מת וועט ניט זיין מת —

אַלטער פּליט:

טייערע ווערטער זאָגסטו, זון מיינער. אָבער נאָך ניט אַלע יידן האָבן כוח דערויף. אַנדערע נעמען און ברעכן איין. איז דאָך ווידער אַ גרויס רחמנות אויף זיי. דאַרף מען זיי שאַנעווען. אָט זעסטו ווי ער ליגט —

יונגער פּליט:

אויב ער הערט וואָס איך רייד — זאָל ער הערן. איך וויל אַז ער זאָל הערן.



בויגט זיך איבער אַברהמען.

ער ליגט אַזוי פאַרזונקען, נאָך אַלץ צווישן לעבן און טויט. נאָך אַלץ צ ו ו י ש ן. נאָר אַ ב י ס ל טויט איז אים אַנטפּלעקט געוואָרן. נאָר אַ ביסל. די מחיצה איז נאָך אַלץ מחיצה. זאָל ער זוכה זיין צו פולער שותפות מיטן טויט, צו פולער התגלות פון טויט.

ס'קומט אַריין שרה די צווייטע אין איר חופּה־קלייד, מיט איר רחל, רבקה, לאה, גיבן אַכטונג אויף איר, פירן זי אונטער דער האַנט.

רחל:

שרה, שוועסטער לעבן, טוט עס ניט. דער דאָקטאָר האָט דאָך פאַרזאָגט איר זאָלט ניט אַרונטער פון בעט. איר זאָלט רוען.

שרה:

נאָר אַ קוק טאָן וואָס אַברהם מאַכט. איך פיל זיך שטאַרקער. אָט זיינען דאָ מענטשן.

זי נייגט זיך איבער אברהמען, הערט זיך איין אין זיין אָטעם.

אַלטער פּליט:

ער וועט אם ירצה השם זיין געזונט. און ער וועט אייך זיין אַ כשרער מאַן. ער איז אַ טייערער ערלעכער ייד.

שרה:

איר זייט אַזוינע גוטע מענטשן בײדע.

ווייזט אויף די פרויען.

און אויך זיי — שוועסטער געטרייע. ווי זאָל איך אייך אַלעמען דאַנקען?

יונגער פּליט:

איר שטייט קוים איין. זעצט אייך צו.

פרויען:

ניט רעכט אַזוי, שרה לעבן, איר דאַרפט גיין צוריק לייגן זיך.

**יונגער פּליט :**

**נעמט אפשר אַ ביסל ווייַן —**

דערלאַנגט איר דאָס אָנגעגאָסענע גלעזל ווייַן.

**שׂרה :**

**נייַן, נישט איצט.**

**יונגער פּליט :**

**נעמט, אייַערע ליפּן זייַנען פאַרשמאַכט. נעמט, וועט איר זיך פילן שטאַרקער.**

**שׂרה :**

**אַז אברהם וועט אויפשטיין — דעמאָלט.**

**אַלטער פּליט :**

**זאָל זיך דוכטן אַז ס'איז דאָס גלעזל ווייַן פון אונטער דער חופּה. פאַרזוכט עס. יאָ, יאָ, זאָל זיך דוכטן.**

**פּרוּיען :**

**ריכטיק, ריכטיק.**

**שׂרה :**

**אויב אַזוי, וועל איך עס טרינקען.**

טרינקט.

**אַלטער פּליט :**

**צו געזונט און צו לעבן.**

**פּרוּיען :**

**זאָל זייַן מזל־טוב. מזל־טוב. — קומט, שׂרה לעבן.**

פירן זי צוריק אין צווייטן צימער אַרייַן. אַלטער און יונגער פּליט גייען אַרויס דורך דער טיר דרויסן, זינגענדיק שטיל אני מאמין. פּויזע. דורך דער דרויסן־טיר קומען אַרייַן שׂרה די ערשטע מיט יצחקן. זי איז אויך אָנגעטאָן אין אַ ווייסן קלייד. זיי קומען אַרייַן ווי אַרייַנשלייַכנדיק זיך אויף די שפּיץ פינגער.



**שׂרה די ערשטע**

צו יצחקן :

**ש־ש־ש.**

**יצחק**

עטוואָס הויך :

**דער טאַטעלע שלאָפט.**

**שׂרה**

לייגט אַרויף אַ האַנט אויף יצחקס ליפּן :

**איך זאָג דאָך ש־ש־ש.**

**יצחק**

מיט פרייד־געפּליסטער :

**זע מאַמעלע, לעקעך.**

**שׂרה :**

**נישט פאַר אונדז, יצחקל.**

**יצחק :**

**און עפּל, און ווייַן —**

**שׂרה :**

**אַ דאגה, יצחקל. שטיי לעבן מיר.**

**יצחק :**

**איז דאָך עס טאַקע אַ חתונה.**

**שׂרה :**

**אַוודאי אַ חתונה. כ'האָב דאָך דיר געזאָגט.**

**יצחק :**

**פאַרוואָס־זשע איז דאָ אַזוי שטיל ? אויף אַ חתונה דאַרף דאָך זייַן פריילעך. מען דאַרף טאַנצן. אַ מאָדנע חתונה, מאַמעלע. פאַרוואָס איז דאָ קיינער נישטאָ ?**

שרה:

פרעג ניט אַזוי פיל קשיות, יצחקל.

יצחק:

פאַרוואָס ליגט דער טאַטעלע אויפן בעט? ער איז קראַנק? מעג איך צוגיין צו אים?

שרה:

האָב געדולד, יצחקל.

יצחק:

ביסט אין כעס אויף אים. איך זע דאָך.

שרה:

ניין, יצחקל, פאַרקערט.

יצחק:

האָסט אים ליב?

שרה:

אַוודאי, מיין קינד.

יצחק:

אַזוי ווי מיך?

שרה:

יאָ, מיין קינד.

יצחק:

איך האָב אים זייער ליב. זייער ליב. איך קען ניט קוקן ווי ער ליגט אַזוי. אַזוי בלאַס איז ער. אויפן טיש שטייט ווײַן און לעקעך, און דאָך איז אַזוי אומעטיק דאָ.

שרה:

ס'וועט דאָ ווערן פריילעך, יצחקל. ס'וועט ווערן. מיר זיינען געקומען זאָגן דעם טאַטן גוטע ווערטער. פון גוטע ווערטער ווערט פריילעכער. פון גוטע ווערטער ווערט מען געזונט.



יצחק:

טאָ זאָג זיי, מאַמעלע.

שרה

בויגט זיך איבער אַברהמס קאָפּ:

זיי מיר מוחל, אברהם. — — דו זעסט, יצחקל, דעם טאַטנס ליפּן נעמען שמייכלען.

יצחק:

זאָג עפּעס, טאַטעלע.

אברהם

דורכן שלאָף:

זיי מיר מוחל דו, שרה.

שרה:

איך בין דיר מוחל, אברהם. ד אָ ס בין איך איצט געקומען זאָגן דיר. נעם מיין הסכמה, אברהם. איך ווינטש דיר מזל־טוב.

אברהם:

אַ דאַנק, שרה. אויך יצחקל איז מיר מוחל?

יצחק:

אַוודאי, טאַטעלע.

אברהם:

אַ דאַנק, יצחקל.

יצחק:

מיר זיינען דאָך געקומען צו דיין חתונה.

אברהם:

מיינע טייערע געסט.

יצחק:

שטיי אויף, טאַטעלע.

**אברהם:**

כ׳וועל אויפשטיין, יצחקל.

*פאַרזינקט צוריק.*

**יצחק:**

שטיי אויף שוין.

**שרה:**

דער טאַטע קען נאָך ניט. ער וועט אויפשטיין מאָרגן.

**יצחק:**

מעג איך אים אַ קוש טאָן?

**שרה:**

יאָ, דו מעגסט. — זיי געזונט, אברהם.

**יצחק:**

וואָס — מיר גייען שוין אַוועק?

**שרה:**

יאָ, מיין קינד.

**יצחק**

*מיט געוויין:*

צי איז שוין געווען די גאַנצע חתונה?

**שרה:**

יאָ, מיין קינד. די גאַנצע. מיר דאַרפן גיין, יצחקל. — וויין ניט. נאַ־דיר לעקעך.

*גייט צו צום טיש, נעמט לעקעך און גיט אים.*

**יצחק:**

און עפּל, מאַמעלע? זע, אויך ראָזשינקעס זיינען דאָ, און מאַנדלען.



**שרה:**

נעם וויפל דו ווילסט, מיין קינד.

**יצחק**

*לייגט זיך אָן פולע הענט:*

נעם אויך דו, מאַמעלע.

**שרה:**

ס׳איז גענוג וויפל דו האָסט. — לאָמיר איצט זאָגן דעם טאַטן אַ גוטע נאַכט.

*בויגט זיך איין און קושט אברהמען.*

אַ גוטע נאַכט, אברהם. גיב אויך דו, יצחקל, אַ קוש דעם טאַטן.

**יצחק**

*טוט אַזוי:*

אַ גוטע נאַכט, טאַטעלע.

**שרה:**

קום, יצחקל.

*זיי גייען אַרויס, יצחקס בײדע הענט אָנגעהויפנטע מיט לעקעך און פּרוכט. פּויזע. ס׳קומט אַריין דער כראַניקער.*

**כראַניקער:**

אוי וואָלט איך וועלן דאָס מאָל אַז עס זאָל זיך ענדיקן גוט. כ׳האָב געזען אַרויסגיין פון דאַנען דעם אַלטן פּליט און דעם יונגן, און שרהן מיטן יינגעלע, און זייערע אַלעמענס פּנימער האָבן שטיל גע־לויכטן. דאָס יינגעלע האָט געטראָגן פולע הויפנס מיט לעקעך און זיינע פּיס האָבן אונטערגעטאַנצט. ניט אַלעמען איז עס באַשערט צו זען, און ניט יעדער האָט די זכיה דערויף; געבענטשט זיי, בורא עולם, פאַר געבן די זכיה — מיר, דעם פאַרבליבענעם אָרעמען כראַניקער. אוי ווי כ׳וואָלט וועלן אַז עס זאָל זיך ענדיקן בכי טוב, אַז אברהם זאָל עפענען די אויגן — אַז ער זאָל אויפשטיין, אויפשטיין — —

**אברהם**

עפנט די אויגן, הייבט אויף דעם קאָפּ, זעצט זיך עטוואָס אויף,
קוקט זיך נשתומם אַרום.

**כראָניקער**

מיט פרייד:

**אַ גוטער אויפשטייג, אברהם.**
**מיט מזל, מיט מזל. — —**

**פ אָ ו ה אַ נ ג**

**1947—1949**



# ווערק פון ה. לייוויק

## לידער

הינטערן שלאָס
אין קיינעמס לאַנד
נייע לידער
לידער פון גן עדן
געזאַמלטע לידער
אין טרעבלינקע בין איך ניט געווען

## דראַמאַטישע ווערק

די קייטן פון משיח
דער גולם
די גאולה קאָמעדיע
שמאַטעס
אַנדערש
די אָרעמע מלוכה
שאָפּ
באַנקראָט
קייטן
הירש לעקערט
די עקדה
דער פּאָעט איז געוואָרן בלינד
סדום
אַבעלאַר און העלואיז
ווער איז ווער ?
נס אין געטאָ
מהר"ם פון רוטענבערג
מיט דער שארית הפליטה (רייזע באַשרייבונג)
די חתונה אין פערנוואַלד

